די יידישע שרײַבער-גרופּע אין ירושלים

און די רעדאַקציע פֿון דעם "ירושלימער אַלמאַנאַך"

שטייען געבויגן אין טיפֿן טרויער

איבערן קבר פֿונעם יידישן שרייבער, דיכטער

און לאַנגיאָריקן קולטור-טוער

**ד"ר דוד ספאַרד**

וועלכער איז געשטאָרבן

און געקומען צו קבורה אין ירושלים

*

אַ גרויסע צאָל יידישע שרײַבער, קולטור־טוערס, פֿאַרערערס פון יידישן וואָרט, האָבן צוזאַמען מיט דער פאַראַבלטער משפּחה, באַגלייט צו זיין אייביקער רו דעם באַקאַנטן שרײַבער, דיכטער און קולטור־טוער ד"ר דוד ספאַרד.

אין דעם לוויה־הויז אין סנהדריה אין ירושלים האָט דעם פאַרשטאָרבענעם מספּיד געווען דער דיכטער יוסף קערלער אין נאָמען פון דער ירושלימער שרײַבער־גרופּע. ביים אָפענעם קבר האָבן אים מספּיד געווען דער פאָרזיצער פון יידישן שרײַבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל, רעד. מ. צאַנין, יעקב גוטפרוינד אין נאָמען פון דעם קלוב "צוותא ביידיש" אין ירושלים, און דער פּובליציסט ראול טייטלבוים — אויף העברעיש.

("לעצטע נײַעס", תל־אביב, 11.9.1981)

# ירושלימער אלמאנאך

13 / 1982



**דוד ספאַרד ז"ל**

1981—1905

סקולפטור-פּאָרטרעט (גיפּס), קינסטלער מיכאל מילבערגער

# JERUSHALAIMER ALMANACH
YIDDISH WRITERS GROUP
IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר: **יוסף קערלער**

מיטרעדאַקטאָרן: **דוד ספאַרד ז"ל, אפרים שעדלעצקי**

רעדאַקציע-סעקרעטאַר: **מאיר חרץ**

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון הסוכנות היהודית בא"י
און ירושלימער שטאָט-פאַרוואַלטונג (קולטור-דעפּאַרטאַמענט)



**נדפס בישראל 1982**

**בדפוס צור-אות, ירושלים**

# אינהאַלט:

## דוד ספּאַרד ז״ל



## בריוו



## דאָס וואָרט פֿון קאָלעגן

## לידער



## ביבליאָגראַפיע



# דוד ספּאַרד ז״ל

## פינף לידער

וואָס וואָלט מיט מיר געשען
ווען דו וואָלסט נישט געווען ?
ווער וואָלט איך געווען אַצינד ?
אַן אָפּגעריסן בלעטל אויפֿן ווינט
אין אַן אַכזריותדיקער וועלט אַליין
עלנט, ווי אַ שטיין
אַ בינטל אותיות, צעשאָטענע און בלינדע,
וואָס קענען אין קיין וואָרט זיך נישט פֿאַרבינדן.

*

אין יסורים, ווי אין פֿלאַמען
גיסט די קדושה מיט דער טומאה זיך צוזאַמען
ווערן איינס — אחד,
ווערן גאָט.

*

וואָס העכער עס גרייכט דער טרוים
אַלץ נידעריקער דאָס פֿאַלן
אַלץ טיפֿער איז דער תהום.
נאָר זאָלן כאָטש מינוטן שטראַלן
זאָל איין רגע בלויז
כאָטש אַ פֿינקל טאָן מיט ליכט,
ווי אַ ווילדע רויטע רויז
פֿון צווישן קוסטעס גרינע אומגעריכט.

כ׳ווייס ס׳איז דער טרוים בלויז אַ הויך
אַ וואַנדערנדיקער ווינט
אַ רויך,
וואָס שנעל פֿאַרשווינדט.
נאָר ס׳איז אין אים פֿאַראַנען

אַלע מײַנע יאָרן,
אַלע מײַנע יונגע העלע צײַטן.
איך בין גרייט מײַן גאַנצע וואָר
אויף אים פֿאַרבײַטן.

*

כ׳בין קיין אַלטער קיין מאָל נישט געווען
און כ׳בין עס נישט אַצינד.
ס׳האָט נאָך יעדע פֿרוי איר שטילן חן,
די וועלט אַרום איז אַלץ נאָך גרין.

כ׳בין קראַנק, אויפֿן סאַמע, סאַמע ראַנד,
אַ ריַיזע דורך דער וועלט איז מיר יעדער גאַנג,
נאָר ווי אַ פֿויגל פֿליט פֿון לאַנד צו לאַנד
מײַן ליכטיקער געדאַנק —
אַרומצונעמען יעדן מענטש
און זאָגן אים אין לעצטן "זײַ געזונט":
זאָל דאָס לעבן זײַן געבענטשט
זאָל עס בלײַבן שטענדיק יונג.

*

ברענג אַ מאָל אַ בלימל מיר צוטראָגן
אַ בלימעלע אַ יונגס,
נאָר וואָס פֿון קנאָספּ אַרויס,
כ׳וועל צו דעם אַרויסגיין אין די פֿרײַיקע פֿאַרטאָגן
און עס טוליען צו מײַן קאַלטער שויס
און דערמאָנען זיך אין אַלע יענע צײַטן,
ווען געשפּינט איך האָב די שיינע טרוימען
און נישט געגלויבט, אַז אין סוף פֿון אַלע ווײַטן
לויערן שוואַרצע תהומען.

מיר וועלן ווידער זײַן צוזאַמען, ווי אַ מאָל
און פֿון חלומות לאָזן זיך פֿאַרוויגן
ביז די זון וועט אונדזער יאָמערטאָל
די מאַסקע אויסטאָן פֿונעם שיינעם ליגן.
דו וועסט דאַן פֿאַרשווינדן גיך
אין דײַן אַבלדיקער שטוב
און איך וועל דאָס בלימל מיטנעמען מיט זיך
ס׳זאָל זײַן אַ טרייסט מיר אין מײַן גרוב.

# וועגן די לעצטע לידער פֿון דוד ספּאַרד ז״ל

פון די ערשטע צוויי לידער, וועלכע מיר פאַרעפנטלעכן דאָ, איז נאָך פאַרבליבן אַ כתב־יד. דוד האָט זיך ביז צום סוף נישט געלאָזט באַהערשן פון די מוראדיקע יסורים און די שורות פון זײַן געשריפטס זענען צעוואָרפן און פלאַטערן ממש ווי פאַרעקשנטע פלעמלעך קעגן אַ שטאַרקן פראָסטיקן ווינט...

די לעצטע דרײַ לידער האָט שוין דוד ספּאַרד ז״ל נישט פאַרשריבן... ער איז שוין געלעגן אַ צוגעקאָוועטער צום קראַנקן־בעט פון הדסה־שפּיטאָל.

— פאַרשרײַב... האָט ער קוים צו הערן אַרויסגערעדט צו זײַן ליבער ריווען, וואָס האָט געוואַכט איבער אים און מיט אירע שוואַכע כוחות אומזיסט געפּרוווט דערוויַיטערן דעם מלאך המות.

מיט פאַרחלשטע ליפּן האָט ער דיקטירט און זי האָט פאַרשריבן אַנגעגליטע לײַדנשאפטלעכע שורות וועגן אַלץ וואָס ער לאָזט אונדז בירושה — זײַן ליבשאַפט, זײַן מענטשלעכן טרוים און די אייביקייט פון ״אַ בלימל אַ יונגס, נאָר וואָס פון קנאָספּ אַרויס״...

ער האָט באַוויזן שטיל אַרויסצופּליסטערן זײַן לעצטע תפילה און צוזאַמען כמעט מיט זײַן שיינער נשמה האָט ער אַרויסגעהויכט:

כ׳בין קראַנק, אויפן סאַמע, סאַמע ראַנד,<br>
אַ רײַזע דורך דער וועלט איז מיר יעדער גאַנג,<br>
נאָר ווי אַ פויגל פליט פון לאַנד צו לאַנד<br>
מײַן ליכטיקער געדאַנק —<br>
אַרומנעמען יעדן מענטש<br>
און זאָגן אים אין לעצטן ״זײַ־געזונט״:<br>
זאָל דאָס לעבן זיין געבענטשט,<br>
זאָל עס בלײַבן שטענדיק יונג.

דעם דיכטער דוד ספּאַרד איז נישט באַשערט געווען קיין גרינגער טויט, אָבער שטאַרבנדיק אין שווערע יסורים, האָט ער מיט ליבשאַפט געבענטשט דאָס לעבן.

ווייניק, זייער ווייניק האָבן געהאַט די זכיה אַזוי אָוועק צו גיין אין דער אייביקייט!

י. ק.

## הדסה רובין

* *
*

### דודן

אפֿשר רוישן אַזוי
דיביימער אין ווינט —
אַ צווײַג צו אַ צווײַג בייגט זיך אָן,
אפֿשר פֿאַלט אויפֿן שטיין
אַ בלעטעלע גרין,
אַ וואָרט זוכט זײַן ניגון
און מאָנט ?
אפֿשר קלאַפּט עס אַזוי
אין שויבן אַ טרער —
אַ שטערן וואָס קען נישט פֿאַרגיין ?

הער איך זיך אײַן אין דער נאַכט,
איך הער,
ווי דער ווינט אין צווײַגן וויינט.



## יוסף קערלער

# דוד ספאַרד און זיין דיכטונג

### 1. אַ זעגל אין ווינט

איך בלעטער אויף ס׳ניי די לידער־זאַמלונג, וואָס מײַן פרײַנד פון פוילן, דער דיכטער דוד ספאַרד, האָט מיר צוגעשיקט קיין מאָסקווע נאָך אין יאָר 1961.

לאָמיר זיך דערמאָנען: די רעגירער פון דעמלטיקן ״פאָלקס״־פוילן האָבן נאָך דאַן נישט געפונען פאַר נייטיק אָנטפּלעקן זייער גאַנצע כאַמסטווע, זייער דורותדיקע יידן־שנאה, ווי אויך זייער ערשט־געירשנטן סטאַליניסטישן נעאָ־נאַציזם. פאַרקערט, — צוליב פאַרשיידענע טאַקטישע סיבות האָבן זיי דאַן טאָלע־רירט און אפילו געשטיצט יידישקייט און יידישע קולטור. זיי האָבן אפילו גאַנץ אָפט קאָקעטירט מיט דער פאַנסקער ״גרויסמוטיקייט״ אין באַצוג צו זייערע יידיש־אָפּשטאַמיקע מיטבירגער...

לאָמיר זיך אויך דערמאָנען, אַז דוד ספאַרד האָט דאַן פאַרנומען אין פוילן זייער אַ בכבודיקע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע...

איז אָט, בלעטער איך דעם ספר ״אַ זעגל אין ווינט״, דערשינען, ווי שוין געזאָגט, אין 1961־טן יאָר. און אַ מאָדנע זאַך. — לייענענדיק דעם בוך פאַרגעס איך לחלוטין וועגן דעם דעמלטיקן ליבעראַלן קאָמופליאַזש פון כלומרשטער יידישער אײַנגעפונדעוועטקייט אין פוילן... חוץ אַ קליינע צאָל לידער פון ערשטן ציקל ״מאָרגנליכט״, וווּ דער דיכטער ראַנגלט זיך אַ פאַרצווייפלטער פאַר זײַנע יוגנט־אידעאַלן און וויל נאָך אַלץ נישט אָפּטרעטן פון דער ציין־צעברעכערישער אַזוי־גערופענער ״אָפּטימיסטישער וועלט־אַנשויאונג״, חוץ אָט דעם בינטל לידער, ווו ער קנײַפּט זיך די באַק, אַבי די רויטע פאַרב זאָל שטיין, — זענען אַלע איבעריקע שאָפונגען — ליד נאָך ליד, — שאָפונגען פון אַ יידישן דיכטער, פול מיט פּײַן פאַרן פאַרשניטענעם יידנטום פון פוילן, פול מיט שווערן פאַרגעפיל פאַרן גייסטיקן אונטערגאַנג פון די לעצט־פאַרבליבענע.

נישט אומזיסט האָט דער באַרימטער יידישער קינסטלער מאַנע קאַץ, נאָכן דורכלייענען דעם לידער־מאַנוסקריפּט פון ״אַ זעגל אין ווינט״ אַ זאָג געטאָן מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים התלהבות:

— אויב אַ דיכטער פון היינטער דעם ״אײַזערנעם פאָרהאַנג״ קען שרײַבן אַזעלכע יידישע לידער, וועל איך מיט פרייד אילוסטרירן דאָס בוך פון אַזאַ דיכטער!...

דער נאָמען "אַ זעגל אין ווינט" איז אַנטשפּרעכיק צום דיכטערישן געמיט פון יענער צײַט, צו די אינערלעכע געראַנגלענישן און ווייטיקפולע פּאַרטײַעטע לעכצונגען פון דיכטער:

צעעפנט פון דאָס נײַ — אַ זעגל אינעם ווינט —
עס שווימט מײַן האַרץ צו לאַקנדיקע ווײַטן —
— — — — — — — —
און אויב איך וועל די ווײַט שוין נישט דעריאָגן,
— — — — — — — —
וועט די כוואַליע שוין אַליין מײַן האַרץ דערטראָגן —
אויב נישט צום ברעג איז צו דעם אויסגעבענקטן הימל.

בדרך כלל ווערט יעדער בוך ביי דוד ספּאַרדן באַנאָמענט מיט זעלטענער טרעפלעכקייט, אָבער "אַ זעגל אין ווינט", דער נאָמען אַליין טראָגט אין זיך גאָר אַ גרויסע לירישע אָנלאָדונג פון אינטענסיווער לאַנג-אויסגעשוויגענער מחשבה, וואָס מוז ענדלעך זיך דורכרײַסן און עקספּלאָדירן אין ליד, זי מוז דורכברעכן די אָפּיציעלע קאַנאָנען פון פּאַרטייִישער דיסציפּלין און זעלבסט-צענזור. ס'מוז צע־רינען דער בייזער כישוף פון די "פּאַראַגראַפן שטומע" און ס'אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דעם דיכטערס אויסגעוויטיקטע ווידערשפּעניקייט אינעם דורכדרינגלעכן לידער-ציקל, וועלכער טראָגט אַ גאַנץ כאַראַקטעריסטישן נאָמען "מרידה". אָט קומט ער, דער אויסגעבלוטיקטער חשבון הנפש: — "ווער האָט אויסגעמישט פאַר מיר מיט בלינדקייט אַלע ווײַטן / און אין בלינדקייט מיר באַפוילן שטאַרבן? / ווער האָט מיך באַשטימט אַלס איינציקן דערלייזער איבער אַלע צײַטן / און אויסגעוויילט פאַר דערנער-קראַנץ מיין ברענענדיקן שאַרבן?"
און דער אַפּאַריסטיש-פּאַרשאַרפטער שלוס-אַקאָרד:

גליטשיק איז דער וועג פון יעדער פּשרה
און צביעותדיק די שלווה פון גן-עדן —
די שטים פון דורות רופט און וואָרנט:
אין פאַרלייקענונג נישט זוכן די אַנטשיידונג.

צו די לידער פון דאָזיקן בוך וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין אונדזערע ווייטערדיקע באַהאַנדלונגען וועגן דער פּאָעזיע פון דוד ספּאַרד.
דערווײַל אָבער אַ פּאָר עפּיזאָדן פון דעם דיכטערס לעבנסגאַנג.

## 2. זכות אבות

ס'איז געווען אין די ערשטע טעג, ווען די משפּחה ספּאַרד האָט עולה געווען קיין ישראל און זיך באַזעצט אין ירושלים. דאָס באַזעצן זיך אין ישראל איז פאַר די ספּאַרדס געווען אַ גורלדיקע אַנטשיידונג. אויך אין לאַנד האָט מען דאָס אויפגענומען

ווי אַ סימבאָלישע געשעעניש — ס׳האָט זיך אַ ביסל געטומלט. באַזונדערס — אין אונדזער היגן יידיש־וועלטל . . .

דוד האָט זיך אומגעקערט שפּעטלעך אין דער נאַכט פון איינער אַ ליטעראַרי־שער אימפּרעזע אין תל־אביבער לייוויק־הויז. ער איז געווען דער לעצטער ביים אַרייַנשטייַגן אין פאַרטונקלטן ״שירות״. זיך אייַנגעמאָסטיעט צווישן נאָך צוויי פּאַסאַזשירן אויפן הינטערשטן געזעס, האָט ער געפּרוווט אויסגלייַכן די פיס און אַ מידער צוגעמאַכט די אויגן. די טאַקסי האָט ווייך און פרוזשיניק זיך אַרויס־געטראָגן אויפן ברייטן שאָסע, וואָס פירט קיין ירושלים. אינווייניק איז געווען כמעט פינצטער; בלויז איין לעמפּעלע האָט באַלויכטן פאַרן שאָפער זיינע רעגו־לירונגס־אייַנריכטונגען. די דרויסנדיקע שאַרכעניש פון די שינעס איבערן אַספאַלט האָבן ווי אייַנגעוויגט. דוד האָט געכאַפּט, ווייַזט אויס, אַ לייַכטן דרימל, אָבער צו זייַן וואַכן אויער האָט זיך דערטראָגן אַ לעבהאַפטער געשפּרעך צווישן צוויי פאַרנטיקע פּאַסאַזשירן. ״ס׳אַ וואָלינער יידיש״, האָט צופרידן אַ קלער געטאָן דוד און אַ וואַרעמע היימישקייט האָט זיך צעגאָסן איבער די גלידער . . . פּלוצים האָט ער אויפגעכאַפּט פון געשפּרעך זייַן אייגענעם נאָמען:

— און אַז איך וועל אייַך זאָגן, אַז דוד ספאַרד איז געקומען אין לאַנד אַרייַן, וועט איר מיר גלייבן?

— ווידער אַ מאָל געקומען צו גאַסט? — האָט יענער גלייַכגילטיק אַרויס־געגענעצט.

— ניין, זאָג איך אייַך. דאָס מאָל — אויף שטענדיק. צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה!

— דוד ספאַרד? ער איז דאָך געווען אַ גרוי־ווי־סער קאָמוניסט?!

דוד האָט נישט אויסגעהאַלטן און סקעפּטיש אַ וואַרף געטאָן פון הינטער זייערע פּלייצעס:

—נישט אַזאַ גרוי־ווי־סער! . . .

ביידע יידן האָבן אויסגעדרייט די קעפּ און געפּרוווט זיך אייַנקוקן אין דער טונקלעניש.

איינער האָט ברוגזלעך אַ ברום געטאָן: — אַ טבע פון יידן — זיך אַריינמישן, ווען צוויי אַנדערע רעדן!

דער צווייטער — מיט חוזק: ער גייט אונדז דערציילן וועגן ספאַרדן! מען וואָלט געקענט מיינען, ר׳ ייד, אַז איר זענט מיט אים אַ גאַר נאָענטער שמעלקע . . .

— נישט אַזאַ נאָענטער, נאָר אַ ביסל בין איך מיט אים יאָ באַקאַנט . . . — האָט דוד אַ שטילן שמייכל געטאָן.

—אַ ביסל . . . — האָבן שוין יענע מיט ביטול צוריק זיך אויסגעדרייט צו אים מיט די פּלייצעס.

פון די פריִע יאָרן אין סאָציאַליע־פּוילן איז דוד ספאַרד באמת געווען אַ הייסער, אַ פאַרגלויבטער, אַ הונדערט־פּראָצענטיקער, ווי ס׳האָט זיך געדאַכט, קאָמוניסט.

זײַן גײַסטיקע השפּעה האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַ גאַנץ ברייטן קרײַז יידיש־פּוילישער אינטעליגענץ און דאָס מעגלעך — אַ דאַנק זײַנע גרינטלעכע קענטעניש, זײַן באַהאַוונטקייט אין דער טעאָריע פון מאַרקסיזם, זײַן אַנאַליטישער איבער־צייגונגס־קראַפט. אָבער געוויס און בעיקר האָט מען זיך צוגעהערט צו דודן אַ דאַנק זײַן פּערזענלעכן שאַרם, אַ דאַנק זײַן אויפריכטיקייט און טיף־מענטשלעכער עטיק, זײַן שאַרפע פילבאַרקייט פאַר יושר וצדק — דאָס וואָס ער האָט אייגנטלעך געירשנט און אַרויסגעטראָגן נישט פון די מאַרקסיסטישע ספרימלעך, נישט פון די קאָנספּיראַטיווע יוגנט־קרײַזלעך, נישט פון די וועלטלעכע אוניווערסיטעטן, — נאָר פּשוט פון זײַן פרום־יידישער היים, ווו אַלץ האָט געאָטעמט מיט תורה און מסורה.

אויף די בלוטנדיקע שפּורן פון חורבן־פּוילן, באַקלאָגנדיק דאָס אומגעבראַכטע פאָלק, זײַנע שטעטעלעך וואָלינער און יעדן באַזונדער פון זײַן פאַרשניטענער משפּחה קומט אויף פאַר אים אַזאַ בילד:

איך האַלט די אויגן צו און זע:<br>ס'איז פרײַ פאַר טאָג,<br>אין שטומער שטוינונג בלאָסן זיך די ווענט,<br>פון געלעגער גייט דער טאַטע קרעכצנדיק אַראָפּ,<br>קוקט אַ ווײַלע אײַן זיך אין מײַן שלאָפנדיק געזיכט<br>און זײַנע אויגן ווערן פול מיט ליכט.<br>אַ שמייכלענדיקער גייט ער צו דאַן צו דער שאַנק,<br>נעמט אַ ספר שטיל אַרויס —<br>און באַלד פאַרשפּינט דאָס גאַנצע הויז<br>זײַן טרויעריק געזאַנג.

("כ'שליס די אויגן צו" פון בוך "לידער". 1957)

מיט יאָרן שפּעטער, שוין אין ישראל, האָט דוד נישט איין מאָל דערמאָנט מיט גרויס ליבשאַפט און יראת הכבוד זײַן פאָטער דעם תלמיד חכם ר' אריה־לייב, — דעם אָזוריאָנער רב, וועמענס גוטער שם ס'האָט זיך געשפּרייט איבער גאַנץ וואָלין און ווײַטער.

— ער, דער פאָטער מײַנער, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן עדן, — פלעגט זיך ביי דודן אומגעריכט אַרויסרײַסן דער טראַדיציאָנעלער זאָג, וואָס אַזוינס פלעגט ער ווי געוויינלעך אויסמײַדן, — ער איז געווען און פאַרבליבן פאַר מיר אַ מוסטער פון שלמותדיקער גײַסטיקייט... ער האָט דער ערשטער געפורעמט מײַן מענטשלעכן איך, מײַן כאַראַקטער, מײַן אינערלעכע וועלט, מײַנע עטישע ווערטן...

באַזונדער פלעגט דוד אונטערשטרײַכן די אויסערגעוויינלעכע טאָלעראַנץ פון זײַן פאָטער, דעם פרומען רב.

ווען ער האָט זיך, למשל, איבערצײַגט אז אין חכמה ואין עצה — זײַן ליבער זון איז אַוועק אויף אַ פרעמדן דרך, האָט ער נישט געריסן קיין קריעה, ער האָט

בלויז אראָפּגעלאָזט די אויגן און זיפצנדיק אַ פרעג געטאָן :
— ווּעסטו כאָטש אַמאָל זאָגן קדיש נאָך מיר, מײַן זון ? . . .
״אויך דאָס האָב איך, דער פאַרנארישטער, נישט געקענט אים צוזאָגן״ — פלעגט דוד מיט גרויס צער און חרטה נישט איין מאָל איבערחזרן . . .
און געשען איז אַזוי : דער קאָמוניסט דוד איז אַראָפּגעקומען פון וואַרשע, כדי אַרויסבאַגלייטן זײַן פאָטער צו דער אייביקער רו . . .
דאָס גאַנצע שטעטל, קינד־און־קייט, זענען געגאַנגען נאָך דער לוויה פון באַליבטן רב. אויך דודס פּאַרטיי־חברים זענען מיטגעגאַנגען . . .
דוד איז געשטאַנען ביים קבר אַ פאַרשטאַרטער פון צער, אַרומגענומען צערטלעך און, דאַכט זיך, געפּרוווט מיט עפּעס טרייסטן די וויינענדיקע מאַמע, אָבער אַלץ ווי אין אַ געדיכטן נעפּל. פּלוצים האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנע מין שטיל־קייט. אַלע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אין אים, אין דודן . . . די אויגן ביי די פרומע האָבן געמאָנט : ״נו־נו !״. די אויגן ביי זײַנע פּאַרטיי־חברים האָבן געוואָרנט : ״בשום אופן — ניט !״. אָבער דוד האָט דאָס אַלץ ווי נישט באַמערקט. עפּעס ווי אַן אינערלעכער כוח וואָלט אים אַ שטויס געטאָן פאָרויס און ער האָט אומגעריכט פאַר זיך אַליין אָנגעהויבן צו זאָגן קדיש . . .

### 3. ״ס׳איז יעדער גאַנג פון זיך צו זיך״ . . .

שוין פון יאָר 1932 איז דוד ספאַרד אַן אַקטיווער טוער אין דער יידישער לינקער באַוועגונג פון פוילן, בעיקר — וואַרשע, איינער פון די גרינדער פון דער לינקער יידישער שרײַבער־גרופּע און איר פאַרשטייער אין דער פאַרוואַלטונג פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקי 13. ער איז אויך געווען מיטגליד פון יידישן ביוראָ ביי דער קפּ״פּ.
די דאָרטיקע גרופּע לינקע אָדער פּראָלעטאַרישע שרײַבער, וואָס איז אַנט־שטאַנען צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, איז נאַטירלעך שטאַרק באַווירקט געווען פון דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור. די שאַרפע יעווסעקישע באַטאַליע אַרום די ״פּראָבלעמען פון ירושה״ וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען אין דער סאָוועטיש־יידישער ליטעראַטור־קריטיק האָט אויך געפונען אַ גאַנץ בולטן אָפּקלאַנג אין די ערשטע ווערק פון אָט דער שרײַבער־גרופּע. זעט עס טאַקע אויס ווי אַ ווונדער, וואָס דווקא ער, דוד ספאַרד, האָט לחלוטין אויסגעמיטן די ״רעוואָלוציאָנערע״ באַנאַליטעט פון ״מיר, צעקריגטע מיט די טאַטעס, מיר פאַרברענען אַלטע שמאָ־טעס״ . . . אָבער אויב זיך גוט אַרײַנטראַכטן איז דאָס גאָר קיין ווונדער נישט. ווייסן מיר דאָך אַז דוד ספאַרד איז געווען און פאַרבליבן ביזן סוף ״אַ טאַטנס אַ קינד״ און אָפּשליידערן פון זיך טראַדיציאָנעלע יידישע קולטור־ווערטן, וואָלט פאַר אים באַטייט אַזוי גוט, ווי אָפּזאָגן זיך פון זיך אַליין, פון דער אייגענער היים, קינדהייט, טאַטע־מאַמע, סביבה, פאָלק . . . ס׳וואָלט אַפילו אויך באַטײַט — אָפּזאָגן זיך פון זײַן אייגענעם פּלאַץ אין די קאָמפּס־רייען פאַר סאָציאַלן יושר . . .

סוף 1931 האָט דוד ספּאַרד אין אוניווערסיטעט פון נאַנסי (פראַנקרײַך) באַקומען דעם טיטול דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן פאַר זײַן דיסערטאַציע — "די רעכט פון קעגנזאַצן אין דער פילאָסאָפיע פון העגעל".

דער דענקער, דער דיכטער, די פּערזענלעכקייט דוד ספּאַרד האָט זיך קיין מאָל נישט געפּרוּווט אויסבאַהאַלטן פאַר דער האַרבער ווירקלעכקייט און אירע קעגנזאַצן, וועלכע האָבן געבושעוועט און זיך נישט איין מאָל צונויפגעשטויסן אין אים זעלבסט און אַרום אים. ווי ווײַט מעגלעך האָט ער אפשר געפּרוּווט ברענגען אין באַדינגלעכער גלײַכגעוויכט אָט די קעגנזאַצן. ס׳ איז געווען אַ שווערע סיזיף־האַרעוואַניע פון קײַקלען שטיינער באַרג אַרויף, אָדער אַ מין געראַנגל מיט ווינטמילן ווי בײַ דאָן־קיכאָט. אונדזער דיכטער איז אָבער געווען אַ פּאַרעקשנטער אידעאַליסט וואָס איז ערשט שפּעטער געקומען צום אויספּיר, אַז "ווערטער פאַר־פירן" און "גליטשיק איז דער וועג פון יעדער פּשרה" . . .

"אַ זעגל אין ווינט" איז דאָס ערשטע בוך, וווּ בהדרגהדיק, טראָט־ביי־טראָט, ליד נאָך ליד, קומט ענדלעך דער דיכטער צו זיך און ס׳רינט ווייטיקדיק אויס די יוגנטלעכע אילוזיע וועגן דער כּלומרשטער האַרמאָניע צווישן אַזעלכע קעגנזאַצן וואָס שליסן לגמרי אויס איינס דאָס אַנדערע : יידישקייט און פּסעוודאָ־אינטערנאַציאָ־נאַליזם, מענטשלעכקייט און דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, סאָציאַלער יושר און קאָמוניסטישע אידעאָלאָגיע. און דאָן קומט אָן אויסגעצייכנטע פּאָעטישע פאָרמולע, וווּ די וואָר פאַרוואַנדלט זיך פּלוצים אין . . . פאַרגאַנגענהײַט :

אין גראָען נעפּל ציט זיך הינטער מיר די וואָר,
אַ טײַך אַ בלויער — קומט מײַן חלום מיר אַנטקעגן.
("אַ זעגל אין ווינט")

ווו זשע איז ער, דער אויסגעבענקטער חלום, וואָס קומט אַנטקעגן ווי אַ בלויער טײַך ? פאַרשטייט זיך אין זײַן שיר השירים — אין זײַן טרויעריקער "ליבע־ליד" :

ס׳קען גרײַלעך אויך אַזוי געשען :
עס וועט צו דיר נישט פירן שוין מײַן וועג
און נישט באַשערט וועט זײַן מיר דיך צו זען.
דער טרוים פון מײַנע קינדער־טעג,
וואָס האָט אין טונקעלע בית־המדרש־ווענט
אויפגעלויכטן ווי דער סנה,
וועט שטאַרבן שטיל אויף מײַנע הענט —
אַ רויטע רויז אויף ווײַסן שניי —
ס׳קען גריילעך אויך אַזוי געשען.
נאָר אויב עס קען אַ מאָל אַ כוואַליע נישט דערגיין,
נישט דערטראָגן ביז צום ברעג די בענקשאַפט פונעם תהום,

געבוירן ווערט אַ צווייטע פון איר זילבערדיקן שוים,
און די צווייטע טראָגט די ערשטע אויך אין שויס —
אין ווײַסן שניי פלאַמט העלער נאָך די רויטקייט פון דער רויז.

דאָס דאָזיקע "ליבע-ליד" האָט ער מיטגעבראַכט קיין פוילן נאָך זײַן ערשטער (אָפיציעלער) רײַזע קיין ישראל, מיטגעבראַכט צוזאַמען מיט אַ גאַנץ בינטל פאַרבענקטע און התלהבותדיקע לידער ווי "אויף אַ ווייטער ערד", "אויפן ברעג פון ים", "יעקב און רחל", "חיפה בײַ נאַכט", "טעג און נעכט" און אַנדערע. ער האָט נאָך דאַן בפירוש נישט געקלערט וועגן עולה זײַן...

דוד ספּאַרד האָט מער ווי פיל אַנדערע געטראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פון אחריות און לשם דער אילוזאָרישער מיסיע פון פלאַנצן יידישע קולטור צווישן די לעצט-פאַרבליבענע רעשטן פון פוילישן יידנטום, פון "פלעגן זײַנע ווערטער, די פירקאַנטיקע עקשנים", איז ער געוויס איבערצײַגט געווען, אַז אַזוי איז שוין באַשערט: ביז צום סוף פון זײַנע טעג-פאַרבלײַבן מיט דער וואָר, וואָס איז שוין אייגנטלעך אַ פאַרגאַנגענהײַט...

פון איין זײַט — בלײַבט ער נאָך אַלץ טרײַ זײַן פּאַטעטישער דעקלאַראַציע, וועלכע ער האָט נאָך אַזוי דראַמאַטיש אויסגעדריקט אין זײַן פריערדיקער זאַמלונג "לידער"

אַז איך וועל פאַרלאָזן די ערד דאָ —
ווער וועט צו להכעיס די מערדער
פון דורות די ליידן און פריידן
אין יידישן לשון באַשיידן — —
— — — — — —
און ווער וועט די גאָלדענע קייט ווײַטער שמידן
פון די גרויסע שבת-יום-טובדיקע יידן — — —

פון דער אַנדערע זײַט — וועט ער זיך שוין איצט קיין מאָל נישט באַפרײַען פון דער שרפנדיקער בענקשאַפט צום לאַנד, וואָס ער האָט איין מאָל בלויז באַוויזן צו זען. ס'וועלן אים באַגלייטן די "זינגענדיקע קלאַנגען פון אַ באַענט-ווייטער שפּראַך", דער גאַנג פון די ישראל-קינדערלעך וועמען "עס בענטשט די ערד", "און עס גייט די זון מיט זיי צוזאַמען אין דער ריי", ער וועט שוין פאַר-בלײַבן איבערפולט מיט דעם ניגון פון יענער "ווײַטער ערד"

אַ ליד וואָס האָט זיך אויסגעשלײַפט
אויף דער פינצטערניש פון לאַנגע וואָגל-נעכט
אויף דעם בלענדיק טויטן-ליכט
פון חלפים-שאַרף
און זײַנע שורות — סטרונעס פון אַן אַלטער האַרף —
האָבן שוין אין אַלע פײַערן געגליט און אויסגערײַפט.

אויף אַ ווײַטער ערד ביי שטורעם־ברעגן
איז דאָס ליד געבאָרן —
און עס זינגען דאָס אַלע גילדענע קאַיאָרן
און אַלע פרײַע ווינטן אויף די וועגן.

פול מיט אומרו און ליבשאַפט פליסטערט ער אויס אין די נעכט זײַן תּפילה, זײַן "געבעט", מיט וועלכן ער עפנט דאָס בוך "מיט באָרוועסע טריט" (1966):

"טו אָפּ די פּײַן פון וואָקלדיקע טעג, / פון בלאָנדזשעניש אויף טונקלען ראַנד, / קער אום צוריק די זיכערקײַט פון וועג / צו יענעם שיינעם יונגן לאַנד, / ווו קרומגיין הייסט פאַרגיין, / און ליגן הייסט פאַרראַט, / און גלויבן הייסט פאַרשטיין, / און וואָרט הייסט טאַט".

אין זעלבן בוך זעצן זיך פאָר און ווערן פאַרטיפט די מאָטיוון פון נאָסטאַלגישע דערמאָנונגען: "כ'בין געקומען פון זיך אַליין, / פון אַ כישוף־לאַנד, / דאָרט ווינט מײַן פאָלק / אויף אַן אָפּגרונט־ראַנד / צווישן הויכע בערג / און די עכאָס פון זײַן באַרג־געזאַנג — / ווײַסע שיפן אויף אַ בלויען ים, / רויטע פעלדזן אין אַ מדבר־גלוט, / ווי פאַרקילטער פלאַם, / ווי פאַרגליווערט בלוט".

אגב, בײַם ציטירן די דאָזיקע שורות, ווילט זיך אונטערשטרײַכן אייניקע וויכטיקע אייגנשאַפטן פון ספאַרדס פּאָעזיע, ווו ס'פעלן אויס קלינגענדיקע מעטאַפאָרעס, אָריגינעלע עפּיטעטן, מאָדערנע גראַמען־אַסאָנאַנסן און אַל דאָס איבעריקע פון רײַכן פּאָעטישן אַרסענאַל, אָבער אַ דאַנק דער אויסנאָמלעכער אויפריכטיקייט פון געזאָגטן און געזונגענעם, קערן זיך אום פון דער באַנאַליטעט צוריק צום ערשטיקן און ס'צעפינקלען זיך מיט זאַפטיקער פרישקייט די אַזעלכע טויזנט מאָל געהערטע "הויכע בערג", "ווײַסע שיפן", "בלויער ים" אַ.ד.ג.

## 4. אויף אייגנערד

זיין בוך לידער, וואָס איז צום ערשטן מאָל דערשינען ביי אונדז אין מדינת־ישראל וואָלט אייגנטלעך אויך באַדאַרפט אָנגערופן ווערן "אני מאמין" — איך גלייב. דאָס בוך הייסט אָבער "ברענענדיקע בלעטער", ווייל דאָס זענען ווירקלעך בלעטער, וועלכע ברענען און וועלן, גלייב איך, נישט איבערברענען, ווייל אויף זיי האָט דער דיכטער פאַרקריצט אַזאַ שרפנדיקן ווייטיק, וואָס קען געלינדערט ווערן בלויז דורך יידישן בטחון. אַזוי פיל טיפע אַנטוישונג, וואָס קען מבוטל ווערן בלויז דורך אויסגעלייטערטן יידישן גלויבן.

די מערהייט לידער פון אָט דער זאַמלונג זענען אויסגעוויייטיקט געוואָרן אינעם לעצטן חושכדיקן פּעריאָד פון גלות־פּוילן: — "האָסט אויפגעהויבן דאָס פּרוכת פון דער נאַכט", — ווענדעט זיך דער דיכטער צום אויף ס'ניײַ דערוואַכטן כאַם־און פּאַן־רוצח — "מײַן גלויבן וואָס האָט דעם לעצטן פונק באַוואַכט, דערמאָרדעט בײַ דעם טויער".

נישט גרינג איז געווען דעם דיכטער אין יענע טעג. דאָס האָט ער דאָך געשפּירט

מיט אַלע און פאַר אַלע "די בייזע שנאה־בליקן פון פאַראַכטונג און פון חרם", וואָס "פויזן ווי די ווערעם און באַגלייטן פון די גאַסן אין די היימען" ; דאָס איז ער דאָך דורכגעגאַנגען דעם דאָרנדיקן וועג איבער "געקרייציקטע טעג און איבער נעכט, ווען פון וואָלקן קריכט אַרויס אַ פּאַסיקל לבנה ווי אַ מעסער, און פירט נאָך זיך אַ שטערנדל ווי אַ ציטערדיקע שאָף", דאָס איז ער דאָך פול־צער געזעסן ביים פּוסטן ברעג און אַ פאַרביטערטער געקלאָגט : "ווּעמען וועלן אלולדיקע ווינטן / אויסדערציילן איצט אויף מאַמע־לשון / דעם עלנט פון פאַרוואַרלאָזטע בית־עלמינס ? / מיט וועמען וועלן איצטער יידיש רעדן, / וועלדער פוילישע / און לייכטנדיקע בלויע טייכן ווי לבנות ?" און פאַרלאָזנדיק ענדלעך פוילן צוזאַמען מיט "מחנות יידן", "ווי צעפלאַשעטע געיאָגטע פייגל", נעמט דאָך דער דיכטער מיט זיך און לאָזט דאָך דער דיכטער איבער נאָך זיך עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט פאַרגענגלעך ביז אין דער אייביקייט :

אַ, לאַנד פון מײַן געבוירן,
מעגן דײַנע האַרבסטן שיינע מער נישט העלן
אויף די אבל־שוועלן
פון מײַן איינגעוואָלגערט הויז —
סײַ ווי איז שוין אַזוי באַשערט,
אַז אומגיין זאָל מײַן שאָטן באָרוועס
אין די חורבות,
פון דײַן הייליקער געשענדטער ערד
דורך יעדן דור און יעדער צײַט,
ביז אין דער אייביקײַט.

און אַט דורך דעם כישופדיקן דערנערקרייז — פון לית דין ולית דיין — צו זיך, צום אייגענעם שורש, פון "טומלדיקער אַלגעמיינקייט" — קומט ער פון תוהו ובוהו — צו בראשית, צו שטילער פאַרכטיקער ליבשאַפט־תפילה אונטער די "פאַר־טאָגיק־שטוינענדיקע שטערן", ביי די לויכטנדיקע שטיינער פון ירושלים :

עס טרעפט —
איך גיי אַרום פאַרשיכורט דאָ
מיט יאָרן טויזנטער באַהעפט
מיט דורות הונדערטער געאָרעמט.

יאָ, "פאַרליבטע זענען בלינד" — זאָגט דער דיכטער אין איינעם אַ ליד, וואָס איז גרויס מיט חידושדיקער ליבשאַפט צו ישראל, און ער פאַרענדיקט דאָס דאָזיקע ליד :

"... איך ווייס, אַז פאַרליבטע זענען בלינד —
אַז גאָט אַליין זאָל זיך אויף זיי דערבאַרעמען".

וועגן דער שוואַנען־ליד פון דוד ספאַרד, וועגן זײַן לעצטן לעבנס־בוך

„שפּאַצירן אין דער נאַכט", זענען שוין פאַרעפנטלעכט עטלעכע אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונגען און אונדזער ליטעראַטור־קריטיק וועט, קלער איך, נישט איין מאָל נאָך זיך אומקערן צו אָט דעם מערקווירדיקן לידער־באַנד.

מיט וואָס טיילט זיך אויס דאָס דאָזיקע בוך? דאָס איז וואָלט איך געזאָגט, די צענטראַלע בלוט־אַרטעריע מיט אַלע אירע אָפּצווייַגונגען פון דעם דיכטערס לאַנגיעריקער שעפערישקייט. דאָס איז די קאָנצענטראַציע און פאַרטיפערונג פון זייַן סטיליסטיק, פון זייַן טעמאַטישן קרייַז, פון זייַנע זשאַנער־מעגלעכקייטן.

צוויי גרונט־פאַקטאָרן האָבן באַשטימט דעם עיקר־כאַראַקטער פון אָט דער לעצטער לידער־זאַמלונג: ערשטנס, זענען אַלע שאַפונגען — פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה — דורכגעטראַכט און אויסגעוווייטיקט געוואָרן שוין אין מדינת ישראל, אויף „אייגנערד", — ווי דוד ספאַרד רופט אָן איינע פון זייַנע לידער.

צווייטנס, איז לויט באַזונדערע סטראָפן און גאַנצע לידער נישט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז דער דיכטער האָט, מעגלעך, אונטערבאַוווסטזיניק, — שוין געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז ער דיכטעט אויס דאָס לעצטע סך הכל־ווערק זייַנס...

דאָ, אויף אייגנערד, בעיקר — אין ירושלים — קומט ערשט צום בולטסטן אויסדרוק דעם דיכטערס נטיה צו עלעגישקייט, אָדער ווי די הייַנטצייַטיקע רופן דאָס: „אינטעלעקטועלע דיכטונג". דאָס אייגנטימלעכע פאַר זיין עלעגישקייט איז דאָ נישט קיין טרוקענער דידאַקטיזם, נאָר אַן אָנגעגליטער טיף־לירישער מחשבה־שטראָם. ס'קען דוכטן — רויִקע באַדאַכטע „שפּאַצירן אין דער נאַכט", אין דער אמתן אָבער איז דאָס אַ געשפּאַנטער אינערלעכער דיִאַלאָג קודם מיט זיך אַליין, אויג־אויף־אויג מיטן אייגענעם געוויסן, וואָס מאָנט ענטפער און דולדעט נישט קיין פאַרענטפערונג...

אינעם ליד „קריג" זאָגט דער דיכטער: „אַ לעבן־לאַנג איך וויל בלויז מאַכן שלום / מיט זיך אַליין", „און בלויז מיט זיך אַליין / איך פיר אַ קריג". ס'איז אויך „אַ קריג", ריכטיקער געזאָגט, אַ פילאָסאָפישער ויכוח מיטן עבר, וואָס איז דאָרטן אפשר געוועזן אַ מאָל וואָר און אויך מיט דער איצטיקייַט דאָ, ווו די נייַע פלאַנצונגען און ביימער זענען „פונקט ווי מיר שוין אויך דורות אַלט / און אין זייער נייַעם גאַנג / דעם עבר מיטן עתיד זיי באַהעפטן / מיט געזאַנג"...

פאַראַן אין די „שפּאַצירן" לידער דורכגענומענע מיט בראשיתדיקן ציטער פון באַטרעטן „די אויסגעבענקטע ערד, וואָס האָט זיך אונדז געחלומט אין דער פרעמד", פון דער סודותדיקער שטילקייט, ווען מע קומט צו זיך, פאַרבלייַבנדיק „מיט זיך" און ס'כישופן זיך אַרויס אַזעלכע קלאַסישע סטראָפן ווי: „פרעמדע ווינטן האָבן מיך פאַרשיכורט, / האָב איך אויסגערעדט שוין אַלע רייד. / איצט איז מיר פאַרבליבן בלויז דער עיקר — / שווייַגנדיקע פרייד".

אָבער דער דיכטער דוד ספאַרד, איז, איצט אפשר מער ווי אַלע מאָל, זייער ווייַט פון אידילישער שלוה — מיט פיבערדיקן אומרו זענען פאַרפולט זייַנע „לעצטע שפּאַצירן אין דער נאַכט": סייַ אין די לידער פון לייַבלעכער קרובהשאַפט מיט



מאַנע קאַץ — צייכענונג צום בוך ״אַ זעגל אין ווינט״

דער "הייליקער ערד, ווו ס'ווינען איצט וואַכיקע מענטשן", סײַ אין זײַנע שואה־לידער, ווו ס'הערט נישט אויף צו זידן דאָס בלוט פון די דערמאָרדעטע (אין אַזעלכע באַלאַדישע פּערל ווי, למשל, "אַ חלום" און "די טויטע כלה"), און סײַ אין זײַן אויסטענהן זיך מיטן אייבערשטן און מיטן סדר העולם, טענות אויפן פּאַלקסטימלעכן דרך פון "פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא", אויף וועלכע ס'הילכט אָפּ דער האַרצרײַסנדיקער שלוס־אַקאָרד:

אַלע שטאַרבן מיר ווי קינדער,
די אויגן פול מיט חידוש און מיט שרעק,
אַלע ווערן מיר געבוירן בלינדע
און בלינדע גייען מיר פון דער וועלט אַוועק.
("ווי קינדער")

פילזײַטיק איז געווען זײַן טאַלענטירטע שעפערישקייט — אַ פּאָעט, אַן עסייִסט אַ דערציילער, אַ רעדאַקטאָר, לעקטאָר און קולטור־בויער... אָבער ער האָט זיך נאָך אויסגעצייכנט מיט גאָר אַ זעלטענעם טאַלאַנט — אַ מענטש איז ער געווען, אַ מענטש פון גאָטס גענאָד. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ ים מיט מענטש־לעכקײַט און גוטער פאַרשטענדעניש פאַר די אַרומיקע, פאַר פרײַנד און קאָלעגן, — גאָענטע און אַפילו ווײַטע...

מיט באַזונדער ליבשאַפט דערמאָנען מיר, די יידישע שרײַבער, געקומענע פון רוסלאַנד, דעם נאָמען דוד ספאָרד ז"ל: ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אײַנ־געבראָכענע און פאַרביטערטע פון סטאַלינס מאָרד־ און שקלאַפן־לאַגערן, אין מיט פון די פופציקער יאָרן — האָט ער פון דעמלטיקן פּוילן, דער ערשטער אויסגעשטרעקט צו אונדז זײַן ברידערלעכן אָרעם, דערמוטיקט אונדזער ווײַטערדיקע שעפערישקייט, ברייטהאַרציק געדרוקט אונדזער ווערק אין די "יידישע שריפטן", וועלכע ער האָט דאַן רעדאַגירט. מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער אַקטיוון שעפערישן קאָנטאַקט אויך נאָך דעם, ווי ס'איז אויפגעקומען "סאָוועטיש היימלאַנד", ווײַל נאָר דאָרט, אין די "יידישע שריפטן", האָט מען אונדז געגעבן אַ פיל פרײַערע מעגלעכקייט אַרויסצוקומען מיט אונדזער יידישן וואָרט. ס'האָבן אונדז נישט איבערגעשראָקן און אויך ספאָרד האָט איגנאָרירט די געמיינע פּראָטעסטן און מסירות פון די סאָוועטיש־יידישע יודנראַטלער...

גייט אַוועק אַ מענטש — גייט אונטער אַ וועלט.

אַוועק איז דוד ספאָרד און פאַר אונדז איז אונטערגעגאַנגען אַ גרויסע, אַן איין־און־איינציקע וועלט, וואָס וועט אונדז ווייטיקלעך אויספעלן סײַ אין די שווערסטע מינוטן פון פּײַן, סײַ אין די געציילטע רגעס פון פרייד. און מירן געדענקען ביזן סוף פון די אייגענע טעג אַז ער פעלט אונדז אויס ווי לופט און ווי ברויט און ווי דאָס ריינע געוויסן פון אונדזער פילגעליטענער יידישער ליטע־ראַטור.

זײַנע מילדע געבענטשטע הענט פון אַ רעדאַקטאָר און ליטעראַטור־קריטיקער

וועלן זיך שוין קיין מאָל נישט צורירן צו אונדזער סטראָפּע און צו אונדזער שורה, נישט בלעטערן אונדזערע ביכער...

אונדז וועט אויספעלן זײַן גרויסע פריינדשאַפט, זײַן באַהאַרצטער טרויעריקער שמייכל, זײַן טרײַ און קלוג וואָרט, זײַן אויסגעפּײַניקטער פּערז...

**פּאַריז, פעברואַר 1981**



פון רעכט אויף לינקס: בנימין שלעווין, משה שולשטיין, דוד ספּאַרד.
דריי נאָענטע פריינד, דריי וויכטיקע יידישע שרייבער זענען אַוועק פון אונדז אין איין יאָר...
געהייליקט זאָל זיין זייער אָנדענק!

## דוד ספּאַרד

### מיין ליד

שוואַרצע טראָפּנס אָן אַ שיער
טריפֿן אויפֿן ליכטיקן פּאַפּיר
און יעדער טראָפּן אין זײַן אינגעווייד
אַנטהאַלט מײַן וואַקלדיק געמיט —
יעדער טראָפּן איז אַ ליד.

נישט אַזאַ,
וואָס קלעטערט אויף די ווענט
פֿאַר לײַטן אויף באַוווּנדער,
וואָס גייט אָן אויפֿהער אויף די הענט
צו באַווײַזן זײַן באַזונדער —
נישט אַזאַ.

נאָר וואָס האָט דעם מוט
צו זיין אַ טראָפּן בלוט,
צו זיין אַ טרער,
ווי אַלע מענטשן זיין
און צו יעדן
מיט אַ לשון רעדן,
וואָס ער קען פֿאַרשטיין.



# נאָכוואָרט

מיר פאַרעפנטלעכן בלויז איינע פון די פילצאָליקע עסייען פון דוד ספּאַרד.

דאָס נאָכוואָרט צום זאַמלבוך "די חכמים פון כעלעם" (אַרויס־געגעבן אין פאַרלאַג "יידיש בוך", וואַרשע, 1966), איז לויט אונדזער מיינונג, אַ קלאַסישער מוסטער פון ספּאַרדס אויסנאַמלעכע סטיל־אייגנשאַפטן אין אונדזער ליטעראַטור־קריטיק. : שפּאַרעוודיק און קלאָר — אין וואָרט, פילזאָגנדיק און טיף — אין תוכן. און בעיקר אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז בולט ספּאַרד אַליין, דער שרייבער, דער מענטש און דער ייד.

מען קאָן אויסגעפינען דעם אורשפּרונג און דעם אורשטאַם פון די כעלעמער מעשיות גאָר ווײַט פון כעלעם — ביי אַנדערע פעלקער און אין אַנדערע צײַטן. די פאָלקס־מעשה וואַגלט פון דור צו דור, פון פאָלק צו פאָלק און פון לאַנד צו לאַנד. נאָר אין יעדן דור, אין יעדן לאַנד און אויף יעדער שפּראַך באַקומט זי אַן אַנדער געשטאַלט, אַן אַנדער קאָליר, דערציילט זיך מיט אַן אַנדער נוסח און מיט אַן אַנדער פּאַרטײַטש.

אויף יידיש־לשון זענען די פריילעכע מעשיות וועגן די קלוגע יידן פון דער שטאָט כעלעם די טרויעריקסטע זעלבסט־איראָניע פון אַ פאָלק, וואָס אַלע אַנדערע פעלקער האָבן דעם געוואָלט אײַנרעדן, אַז פון דער ערשטער מינוט פון זײַן אַנטשטיין האָט זיך עס געקליגלט צו באַהערשן מיט חכמה די גאַנצע וועלט — אַפילו אין אַזאַ צײַט און אין אַזעלכע לענדער, ווו עס איז דעם נישט געגעבן געוואָרן די רעכט אָפּצוטעטמען פרײַ.

צו דעם ציל האָבן די אומות־העולם זיך געשאַפן פאַרשידענע געשטאַלטן פון גיריקע שיילאָקס, פאַררעטערישע יודאַשן, כיטרע, מענטשן־פײַנטלעכע און בלוטדורשטיקע יידן, וועלכע זיי האָבן ווי געשפּענסטער געלאָזט אַרומוואַנדערן אין זייערע פאָלקס־לעגענדעס שבעל־פּה און אין זייערע ליטעראַטורן שבכתב, כדי אין ווירקלעכן לעבן צו האָבן גרייט ביי יעדן שטורעם די פּאַסיקע, בליץ־אָפּלייַ־טערס.

דאָס טראַגישסטע דערבײַ, וואָס באַשטימטע שיכטן פון יידישן פאָלק גופא האָבן צו ביסלעך אַליין אָנגעהויבן גלייבן אין דעם ציינישן און בלוטיקן שפּאַס, אַז זיי זענען באמת די קלוגסטע קעפּ, וואָס קענען געפינען אַן אויסוועג אין

יעדער סיטואַציע. כאָטש דער דאָזיקער גלויבן האָט ביי יעדער קאָנפּראָנטאַציע מיט דערווירקלעכקייט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַטאַסטראָפע.

די כעלעמער מיט זייערע קלוגע אײַנפאַלן און דרײַסטע פּאַרמעסטונגען שטעלן פאַר מיט זיך אַ ביטערע סאַטירע איבער דער אייגענער חכמה, משטיינס־געזאָגט, וועלכע האָט זיך שוין אַזוי פיל מאָל אין דער געשיכטע פאַרענדיקט טראַגיש.

זיי ווילן נעבעך זייער גוט די כעלעמער — גוט פאַר זיך, פאַרן רב, פאַרן שמש, פאַרן נאַכט־שומר און פאַר אַלע יידן און גישט־יידן פון דער שטאָט און פון דער אומגעגנט. זיי האָבן אויך פאַנטאַזיע און דרײַסטע געניאַלע אײַנפאַלן און זשאַלעווען נישט קיין מי. נישט מער, וואָס זיי באַנוצן זיך מיט זיי דאָרט, וווּ זיי זענען אינגאַנצן איבעריק, שטופּן זיך מיט זייערע פעיִקייטן און גוטע כוונות, ווו קיינער בעט זיי נישט, טוען אַלץ נישט צו דער צײַט און נישט אויפן אָרט. זיי פעלט דאָס ביסל מזל און גראָד יענע חכמה, אין וועלכער זיי ווערן באַשולדיקט און פאַר וועלכער זיי קריגן אייביק אַזוי געשלאָגן.

זיי ווילן לטובת דער גאַנצער שטאָט אָפּרוקן דעם באַרג, כדי צו פאַרבינדן זי מיט דער גאַנצער וועלט; אַריינכאַפּן די ליכטיקע לבנה אין פאַס, כדי זי זאָל שײַנען אויך אין די פינצטערע נעכט; אינסטאַלירן אַ פײַערלעשערמאַשין, כדי בײַצוקומען די אָפטע שריפות; אימפּאָרטירן פעדערן פון דער פרעמד, כדי עס זאָל אַלעמען ווייך און וואַרעם זיין, אָבער זיי ווערן בלויז באַרויבט און אָפּגענאַרט, זייערע הײַזער גייען אָוועק מיטן רויך, די ווינטן צעטראָגן זייערע פעדערן אין אַלע עקן וועלט און זיי אַליין גייען צום אָפּגרונט און פאַרשווונדן.

אַז אַ כעלעמער ווערט שוין אַמאָל אַ גענעראַל, איז עס, ערשטנס, על־פּי טעות און, שנית, איז זײַן סוף גאָרנישט קיין פריילעכער.

וואָס בלײַבט זיי אין ענלעכע באַדינגונגען צו טאָן? אַז אַלץ אַרום — די ערד, דער הימל, די מענטשן — זענען קעגן זיי, שיטן אויף זיי פעך און שוועבל, ווענדן אָן לגבי זיי אַלע אַרבע מיתות בית־דין?

עס בלײַבט זיי איבער בלויז איין אויסוועג — לאַכן. לאַכן פון זיך אַליין, לאַכן פון זייער נאַרישן, תמימותדיקן גלויבן, פון זייער נאַיִוון צוטרוי. אין משך פון יאָרהונדערטער זענען זיי שטענדיק גרייט צו גיין פאַרויס, זיך אויסשטעלן די ערשטע אויף סכנה. אָבער שטענדיק ווערט יעדער פאָרויסיקער גאַנג פאַרוואַנדלט אין אַ צוריקגאַנג. יעדער צופעליקער גייער האָט פאַר נויטיק צו מאַכן זיך אַ שפּאַס איבער זייער אייביקן יוגנטלעכן אומרו און ברען, איבער זייערע נאַיִווע חלומות, איבער זייער לעבן און טויט.

דאָס דערציילן — איז קיין שום טרויעריקע אָדער בונטאַרישע געשיכטע נישט אימשטאַנד. צעכוואַליעטע, צעשטורעמטע טײַכן קרימען אויס די אָפּגעשפּיגלטע ווירקלעכקײַט, פאַרשטעלן זייער אייגענע טיף. בלויז אין רויִקע, מילדע אויבער־פלאַכן שפּיגלען זיך אָפּ די שפּיצן פון בערג און עס זעען זיך אַרויס די טיפע און טונקעלע דנאָען.

פון די רויקע, מילדע, צעשמייכלטע כעלעמער מעשיות קוקט אַרויס דאָס געזיכט פון אַ פאָלק, וואָס ווערט שטענדיק פאַרראַטן, אָפּגענאַרט און אויסגעלאַכט, קוקט אַרויס אין דער סאַמע דרייסטער און נאָבלסטער פאָרם, ווייל אין דער פאָרם פון איראָניע איבער זיך אַליין.

**דוד ספּאַרד**

**פּאַריז, יוני 1948**



וועלט־קאָנגרעס פון יידישער קולטור, געווידמעט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל. ס׳טרעט אַרויס ד. ספּאַרד, אין פּרעזידיום זיצט חיים סלאָוועס.

# בריוו

ווען דוד ספּאַרד ז״ל איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, נאָך זיין קומען פֿון פּאַריז, האָט ער באַקומען פֿיל בריוו פֿון באַאומרויִקטע פֿריינד, חברים, קאָלעגן און אָרגאַניזאַציעס.

מיר דרוקן דאָ איינע אַזאַ בריוו פֿון זיין נאָענטן פֿריינד, דעם אָנגעזעענעם יידישן שרייבער **עלי שעכטמאַן**, און אַ צווייטער בריוו פֿון דירעקטאָר ד״ר י. ח. **בילעצקי**, אויפֿן אַדרעס פֿון ירושלימער ״צוותא ביידיש״ שוין נאָך דער פּטירה פֿון דוד ספּאַרד.

טייַערער און ליבער פֿרייַנט און חבר מייַנער, דוד ספּאַרד!

ביי אונדזער באַגעגעניש, נאָך אייַער אומקערן זיך פֿון פֿראַנקרייַך, ביי אייַך אין שטוב, ווו מיר האָבן אָנגערירט און זיך צוגערירט צו זייער אָנגעווייטיקטע פּראָגן. דעמאָלטן, שוין באַלד אַ חודש, ביי אייַער נידעריקן טישל, האָבן מיר זיך מיט אייַך צונויפֿגערעדט צו טרעפֿן זיך ביי מיר אין שטוב און פֿאַרזעצן אונדזער שמועס, זייַנט איר גאָר מיט אַ מאָל פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן... האָט עס מיך שטאַרק געטראָפֿן. אין מייַן עלנטקייט דאָ, אין ירושלים, זייַט איר דאָך מיר דער נאָענסטער מענטש... — איך האָב אייַך דאָך נאָך אַפֿילו ניט באַדאַנקט פֿאַרן איינאָרדענען אין פּאַריז אַן אָוונט און פֿאַרן אָרויסטרעטן דאָרט מיט אַ פֿאָרטראָג וועגן מייַן שאַפֿן. — אייַער פֿאַרשלאָפֿט ווערן האָט אַרויסגערופֿן גרויס אומרו ביי אַלע יידישע שרייַבער, קולטור-טוער, לייענערס און ביי פּשוטע פֿאָלקס-מענטשן... — נעכטן האָט מיר געקלונגען אברהם סוצקעווער און הדסה רובין, און פֿינער פֿון פּאַריז, אַלע ווינטשן אייַך, איינעם פֿון אונדזערע טאַלאַנטפֿולסטע דיכטער, פֿון אונדזערע בעסטע קריטיקערס, איינעם פֿון די לעצטע מאָהיקאַנער, אַלע ווינטשן אייך צו שטעלן זיך אויף די פֿיס און אָנשרייַבן אַ נייעם בוך לידער ״שפּאַצירן אונטער דער זון״... —

און איך מיט זשעניען בעטן גאָט פֿאַר אייַך, און שיקן אייַך, טייַערער דוד, אונדזערע האַרציקסטע ברכות און ווינטשן אייַך אַ רפֿואה שלימה!

מיר נעמען אייַך אַרום
אייַערע זשעניע און עלי
ירושלים, 81.9.6

# דוד ספאַרד ז״ל

פון האַרבסטיקע קליינע יידישע שטעטלעך, פון שמאָלע געסלעך און שמאָלע טראָטואַרן, פון קליינע הײַזער מיט פּריזבעס, — אָבער אויך פון גלאַנץ און וואַרעמקייט און תורה, פון אַרבעט און געראַנגל פאַר קיום, — איז אַרויסגעוואַקסן די יידישע ליטעראַטור.

צווישן די יומטובדיקע און וואָכעדיקע יידן — דוד ספאַרד, דיכטער און עסעיִסט.

פון אומקום און חורבות, פון פאַרברענטע יידישע הײַזער, פון פאַרשרפעטע יידישע גופים, — אָבער אויך פון גרויסן און פריידיקן וואַרטן אויף אַ נײַ און גרויס לעבן, פון יידישן אויפקום — איז אויפגעוואַקסן פון דאָס נײַ די יידישע ליטעראַטור.

פון די חורבות און פון האַפענונג — דוד ספאַרד דיכטער און עסעיִסט.

פון בלאָטיקן טראָטואַר ביז ירושלים — איז פאַלג מיך אַ גאַנג.

און אין גאַנג — דוד ספאַרד. אַ גייער. אַ גייער אין די פאָדערשטיקע רייען, אָבער אין טיפן טונקעלן נשמה־ווינקל האָט געטליִעט אַן אַנדער פונק, אַ פונק, וואָס האָט אַ העברעיִשן נאָמען: ג א ו ל ה.

אויף די גאולה האָט געפאָדערט גיין אין די פאָדערשטיקע רייען — צווישן זיי דוד ספאַרד.

שטענדיק אין צאַפּל פון האָפענונג און געפאַר... צווישן הימל און ערד. מיט אַ סך בענקעניש נאָך יעקבס לייטער. נאָכן בלוטיקן שפּיל, מיט אַ סך אומעט אין האַרץ און מיט אַ סך פרייד אין גאולה־גאַנג.

נאָכן רויטן פלאַם, אין ווײַס־בלויען פלאַם, באַרג אַרויף מיט ליד און עסיי.

דוד ספאַרד איז געווען שטענדיק אין שינעל. אַ קאַמפּס־מענטש. אויף דער אויפגערודערטער יידישער גאַס — אַ מאָל אַליין, אָבער אויך אין זײַן אַליינקייט מיטן ציבור. מיט דער עדה. מיטן קאָלעקטיוו.

אַ יידישער מענטש מיט רמ״ח און שס״ה. מיטן עמער אין טיפן יידישן ברונעם. ווי קען אַנדערש זײַן: אַ זון פון אַ רב, און אַ זון פון חורבן און אויפקום.

אין מײַנע ווינציקע באַגעגענישן מיט ספאַרדן, האָב איך געזען אַ שטאַמלער מיט אחריות פאַר זײַן וואָרט. אַ זוכער. חושד געווען זיך אַליין, אַז זײַן וואָרט איז ניט גענוג קלאָר. דאַרף מען אים מאַכן קלאָרער, און במילא וואָגיקער.

אַוודאי האָט דער דמיון געבויט נאָך אַ סך פּלענער. פול מיט גרייטקייט צו

המשכים, ווײַל געפילט האָט ער אין זיך שעפערישן כוח, שעפערישע בענקשאַפטן, און אוודאי נישט געוואָלט שיידן זיך מיטן לעבעדיקן טאָג.

בלײַבט אונדז נאָר זאָגן מיט די ווערטער פון זײַן ליד צו די אומגעקומענע יידישע סאָוויעטישע דיכטער:

"די זעלבע אומעטיקע שײַן / פון אונדזער אַלעמענס געזאַנג / האָט אויך באַלויכטן אײַער וואָרט — / די שײַן פון אונטערגאַנג / אויף יעדן אָרט / און פון פאַרלענד / אין יעדער בײַט, / נאָר אויך פון אייביקייט".

וועלן מיר אויך אָפּהיטן דײַן ליד באַלויכטן מיטן אומעטיקן שײַן פון אונטער־גאַנג, נאָר אויך פון אייביקייט.

און דאָרט ווו ס'איז נ צ ח דאָ, נצח ישראל, איז ניטאָ קיין שיכחה.

מיט דער משפּחה אין צער און מיט האַרציקייט

ד"ר י. ח. בילעצקי

## רחל בוימוואָל

# אַ בריוו צו מיכעלען

דיך, מיכעלע, האָב איך דערזען צום ערשטן מאָל אויף די הענט פון דײַן זיידן. דו ביסט נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען, און נאָר בײַם זיידן אויף די הענט האָסטו געוואָלט עסן. אַזוי האָט ער אונדז געזאָגט מיט אַ נײַעם מין שמייכל, וואָס האָט זיך ביי אים באַוויזן ספּעציעל פאַר דײַנעט וועגן. צו אונדז אַלעמען האָט ער גע־שמייכלט אַנדערש.

מיט דײַן זיידן האָבן מיר זיך באַפרײַנדעט נאָך מיט אַ פערציק יאָר צוריק. שטעלסט זיך פאָר, מיכעלע, ווי לאַנג איז עס — פערציק יאָר ? דאָס איז מער ווי פיר מאָל וויפל דו ביסט איצט אַלט !

אַ צווייט מאָל האָבן מיר דיך, מיכעלע, געזען בײַ דײַן זיידן, ווען דיר איז שוין געווען אַ יאָר פינף אָדער זעקס. אַ שלאַנק, ליכטיק, ייִנגעלע, האָסטו אויסגעזען ווי אַ פּרינץ פון אַ מעשהלע. מיר, דערוואַקסענע, האָבן גערעדט צווישן זיך, און דו האָסט געשפּילט אין אַ שפּיל, כלומרשט דו פאָרסט פון אונדז אַוועק. יעדע עטלעכע מינוט פלעגסטו אָנקומען פון צווייטן צימער מיט אַ וואַליזקע אין האַנט, צוגיין צום זיידן און הילכיק זעגענען זיך מיט אים: — זײַ געזונט, זיידע ! איך פאָר קיין אַמעריקע ! און ער האָט דיר געדריקט די האַנט, איטלעכס מאָל

אויפגענומען דײַנע ווערטער ערנסט און ווי אַ בײַעס: — אַזוי, דו פֿאַרסט? איז זײַ מיר געזונט, טײַערער! — און מיר אַלע האָבן אומבאַמערקט פֿאַר זיך אײַנגעשלאָסן זיך אין דער שפּיל. איבער אַ פּאָר מינוט נאָך דײַן "אָוועקפֿאָרן" פֿלעגן מיר דיך באַגעגענען מיט שמחה. און דײַן זיידע דוד ספּאַרד פֿלעגט צום ווילפּטן מאָל בעמען נאָכפֿרעגן זיך בײַ דיר: "נו, דערציייל וואָס הערט זיך דאָרט אין אַמעריקע?"

איצט ביסטו שוין אַ גרויס ייִנגעלע פֿון גאַנצע נײַן יאָר. פֿאַר דער צײַט האָסטו שוין ניט איין מאָל טאַקע אויף אַן אמת באַגלייט און באַגעגנט דײַנע באָבע־זיידע, וואָס זענען געפֿאָרן קיין פּאַריז, קיין אַמעריקע, און ווו נאָר נישט. דאָ גאָר נישט לאַנג האָסטו זיי באַגעגנט נאָך לאַנגע אַכט חדשים פֿון זייער אָפּוועזנהײַט. איר האָט נישט באַוויזן ווי ס׳געהער אָנפּרייען זיך איינער מיטן אַנדערן, ווי דײַן זיידע איז שווער קראַנק געוואָרן. זייער שווער!

דו וועסט דײַן זיידן קיין מאָל מער נישט זען, מיכעלע. ער איז אַוועקגעפֿאָרן ווײַט און אויף שטענדיק, און אפֿילו נישט באַוויזן מיט דיר זיך צו געזעגענען... דאָס, וואָס דײַן זיידע האָט געטראַכט פֿאַר זיין לעבן און פֿאַרשריבן אין ספֿרים, וועט פֿאַר דיר, גיכער פֿון אַלץ, פֿאַרבלײַבן פֿאַרהוילן. ווײַל זײַן שפּראַך איז געווען יידיש. און דו ווייסט שוין נישט, צום גרויס באַדויערן, די שפּראַך.

אָבער דאָך וועט צו דיר, מוז צו דיר פֿון דײַן זיידן עפּעס דערגיין! — פֿון זיין חכמה, פֿון זיין חן, פֿון זיין אינערלעכער וועלט. איז בעט איך דיך זייער, מיכעלע, — היט אָפּ אָט דעם "עפּעס"! האַלט אים היייליקער פֿון היייליק. זאָל עס זײַן דײַן קליין כישוף־שליסעלע מיט וועלכן דו וועסט אַ גאַנץ לעבן, וווהין דו זאָלסט ניט קומען, אָפּשפּאַרן גרויסע מענטשלעכע ווערטן.

פֿאַרליר נישט, מײַן טייערער, דאָס שליסעלע!



## דאָס וואָרט פון קאָלעגן

**לילי בערגער / פּאַריז:**

# דער דיכטער

דוד ספּאַרד געהער צו דעם פּאַרמלחמהדיקן דור שרײַבער. דערשינען אָבער ווי א רײַפער דיכטער איז ער ערשט מיט יאָרן שפּעטער, דורך זײַנע דרײַ ביכלעך פּאָעזיע: "לידער" (1957), "א זעגל אין ווינט" (1961) און "באַרוועסע טריט" (1966). נישט אָן באַדײַטונג זענען אויך די דאַטעס, ווען די ביכער זענען דערשינען.

דער דיכטערישער אָנהייב איז געווען אַ סך פריער. אַן ערשטלינג־ביכל לידער האָט ספּאַרד אַרויסגעגעבן אין 1929, דערנאָך — אַן איבעררײַס פון איבער דרײַסיק יאָר. דער איבעררײַס איז אָבער נישט געווען קיין ליידיקער חלל, פּאַרקערט — דער דיכטער דוד ספּאַרד איז מיט לײַב־און־לעבן געווען אַריינגעטאָן אין ליטעראַטור־קריטיק, וואָס האָט געהאָט דערשינען אין צוויי בענדער, פאַרנומען זיך מיט עסייאיסטיק און פאַרשידענע רעדאַקציאָנעלע אַרבעטן. די וועלכע האָבן אַ סך יאָרן פון דער נאָענט זיך צוגעקוקט צום קולטור־טוער און רעדאַקטאָר פון די "יידישע שריפטן" און פון פאַרלאַג "יידיש־בוך", צום עסייאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער ספּאַרד, וואָלטן געקענט האָבן דעם אײַנדרוק, אַז דוד רײַסט זיך פון צײַט צו צײַט מיט געוואַלד אָפּ פון זײַנע פילע באַשעפטיקונגען, כדי צו געפינען בלויז אַ שטיקל מקום מקלט אין זײַן דיכטונג. אַ סברה אָבער, אַז ספּאַרד איז אַלע מאָל ראשית כל געווען אַ דיכטער, נישט מער, וואָס זײַן דיכטונג האָט ער לאַנג אין זיך אויסגעטראָגן. ספּאַרד, דער רעדאַקטאָר, האָט מיר געהאָט געזאָגט, אַז צום בעסטן איז אָפּצולייגן אַן אָנגעשריבענע זאַך און זיך אומקערן צו איר אַ 6 חדשים שפּעטער.

אין ספּאַרדס דיכטונג פילט זיך ממש די רײַפקײַט, דערבײַ איז זי אַזאַ קלאָרע, דורכזיכטיקע, די פערזן פאַרמאָגן אין זיך אַ סך דיכטערישע סובלימאַציע און גלײַכצײַטיק אַ סך פשטות. די גאַנצע פּאָעטישע אַרכיטעקטור איז אַזאַ פשוטע, אָבער פשוטקייט באַדייט נישט דורכשניטלעכקײַט. עס אָטעמט דאָ מיט פרישקײַט,

דער פערז פליסט פרײַ, אומגעצוימט, אַזוי נאַטירלעך און פריש־דערקוויקנדיק, ווי אַ באַרגיקער קוואַל.

דוד ספּאַרד איז אַ רעאַליסט, אָבער זײַן רעאַליזם איז ווײַט פון דעם סקלעראַ־טישן רעאַליזם, וואָס פאַרמאַכט זיך און פאַרריגלט זיך אין באַגרענעצטע ראַמען פון אַ קאַנוועניץ. זיין כוח ליגט הויפּטזעכלעך אין קענען דערבליקן מענטשלעכע גורלות, סיטואַציעס און גלײַכצײַטיק פּשוטע שטילע בילדער פון טאָג־טעגלעכן לעבן, ווען זיי זענען פאַרזונקען אין נישט לײַכט דערגרונטעוועטע טיפקײַטן, אינעם מיסטעריעזן פונעם לעבן, אָפט מאָל אין חשכות פון אונדזער צערודערטער צײַט, און אין דער חשכות בליצט שטענדיק אויף אַ ליכטיקער שטראַל.

דער דיכטער איז אַנגאַזשירט אין זײַן דיכטונג מיט לייב־און־לעבן, ער זינגט נישט סתם ווי דאָס פייגעלע זינגט. אפשר אויך דערפאַר איז די פּאָעזיע זײַנע אַזוי אָנגעלאָדן מיט געדאַנק, מיט אינהאַלט.

דער דיכטער דוד ספּאַרד האָט געשעפּט ראשית כל פון אונדזערע אַלטע מקורות, פון אַלטער יידישער חכמה און פון אַלטן פילאָזאָפיש־רעליגיעזן געדאַנק. די אַלטע מקורות, ווייסט ער ווי צו פאַרפלעכטן מיט זײַן אייראָפּעאיש־וועלטלעכער קולטור און אויסצוזינגען אייביקע קלוגע אמתן אין פּשוטע האַרציקע, מעלאָדישע יידישע ווערטער. אין זײַנע לידער דיכטעט ער אויס די אייביקייט, דעם אין סוף און מיר פילן ממש ווי אַלץ ענדערט זיך, פאַרגייט, ווערט צוריק געבוירן און דויערט. אויך דער מענטש. פונקט אַזוי, ווי באַרג, טאָל און וואַלד:

„...און כ׳ווייס ס׳איז דאָס לעבן כסדרדיק געזאַנג
און דער טויט בלויז איבערגאַנג"

און ס׳איז זעלטן, אַז דער מענטש און דער דיכטער זאָל זיך אַזוי אידענטיפיצירן מיט זײַן דיכטונג. ספּאַרד, דער שטענדיק יונגער, דער פאַרליבטער אין לעבן, זינגט אויס מיט אַזעלכע דינע און לירישע טענער דאָס געזאַנג פון לעבן, ער כאַפּט עס אויף מיט זיין דיכטערישן אויער, און זײַן דיכטעריש אויג דערזעט צומאָל ווי —

„אין דעמער פאַרנאַכט
האָט אויפגעשײַנט אַ בוים פון זיך אַליין"

דאָס איז נישט קיין הוראַ־פרייד און נישט קיין הוראַ־אָפּטימיזם. דאָס איז די פרייד פון אַלטער חכמה, דאָס איז אַ קלוגשאַפט־פרייד, וואָס איז שטענדיק געמישט מיט אומעט און טרויער, פונקט ווי די פרייד און פּײַן פון אייביקער ליבע, וואָס איז איבער צײַט, וואָס איז שטענדיק יונג.

„און כ׳בין ווידער יונג
אַ הייסער אומרו אין מיין האַרצן גליט
מיין גרויער קאָפּ זיך טונקט

אין ווײַסן צוויט
און מיר בײדע אומגעריכט
ווי פֿײגל איבער הײַזער פֿליִען
און אונטער אונדז די גאַנצע ערד אין ליכט
און אַלע ביימער בליִען"...

אויך די לידער וואָס זענען אָנגעלאָדן מיט טיפֿן פֿילאָזאָפֿישן געדאַנק פֿאַרמאָגן אַ שלל מיט געפֿילן, עמאָציעס. ביי ספּאַרדן איז נישט פֿאַראַן קיין טרוקענע מחשבה, יעדעס ליד איז אָנגעגליט מיט הייסן געפֿיל, דער פֿילאָזאָפֿישער געדאַנק וועגן וועלט און מענטש הויבט זיך אַרויס פֿון עמאָציאָנעלן, פֿונעם טיף איבערגעלעבטן און דערפֿאַר פֿאַרמאָגט ספּאַרדס דיכטונג אַזאַ לירישע קראַפֿט. אַ באַזונדערן חן פֿאַרמאָגן די ליבע־לידער פֿון וועלכע עס שטראַלט צאַרטקייט, נשמהדיקייט, ממש צניִעותדיקע תמימותדיקייט, און גלײַכצייַטיק זענען זיי שפּילעוודיק, יוגנטלעך־שטיפֿעריש.

פֿון צווישן דעם געמיטלעכן און לויטערן געזאַנג הילכט נאָך שטאַרקער אָפּ דער אויסברוך פֿון פֿאַרשטיקטן ווייטיק, וואָס שטראָמט פֿון די לידער, געווידמעט אונדזער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפֿע. זיי פֿאַרנעמען אין ספּאַרדס דיכטונג אַ באַדייַטנדיק אָרט. די יידישע נאָך־מלחמה־דיכטונג איז אין איר גרעסטן טייל אַ חורבן־דיכטונג. דוד ספּאַרדס חורבן־לידער זענען פֿון אַ באַזונדערן מין. בדרך כלל איז ספּאַרד אַלע מאָל אויסגעהיטן פֿון נאַטוראַליסטישע שילדערונגען, דאָ שילדערט דער דיכטער נישט דירעקט דעם אומקום, ווי ער וואָלט זיך אויסגעהיטן נישט צו פֿאַרשוועכן דאָס מענטשלעכע לשון מיט יענע גרוילן. מיר דערפֿילן דעם גרויסן אומגליק דורך זײַן אייגענעם גרויסן ווייטיק:

אַלע מײַנע טעג זענען יאָרצייט־טעג
פֿאַר אײַער הייליקן זכרון
און אַלע נעכט — מצבות שטומע
אויף אײַערע פֿאַרשעמטע קברים

און מיר דערזעען דעם גרויסן בראָך דורך די שאָטנס, וואָס וואַנדערן אַרום אויף דער אויסגעברענטער ערד, "ווּ עס זיצן נאָך שבעה די מאַרקן", און ווּ דער גרויסער וויי און אומענדלעכער פּײַן —

האָט אָפּגעשטעלט די צײַט
ווי עס שטעלט אַן אָפּגרונט אָפּ דעם לויף פֿון וועג
ווי פֿינצטערניש פֿון נאַכט פֿאַרמעקט די ווײַט.

אַזוי וואַנדערט דער דיכטער אויף די שפּורן פֿון די פֿאַרטיליקטע, איבער שטעטלעך און וועגן, "בײַ ליימיקע בערגלעך און גריבער", אומעטום גייען אים נאָך די ריחות פֿון לײַבער פֿאַרקוילטע און ער פֿרעגט אין זײַן גרויסן צער:

ווי קענען פויגל פליִען
איבער אַשוועגטשימער ערד ?
און מיט קינדער־בלוט גענערט
ווי קענען ביימער בליִען ?

אויך אין אַט די לידער איז ספּאַרד אַ דיכטער אַ דענקער, אַן אַנאַליטיקער. ער דערזעט דעם חורבן ווי אַ רינג אין אַ לאַנגער קייט יידישע ליַידן, וואָס ציִען זיך דורך גזירות, פּאָגראָמען ביז טרעבלינקע. אין דעם פּרט דערמאָנט ער אונדז די געשיכטלעך־באַגרינדעטע איַינשטעלונג פון נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם גרויסן יידיש־פראַנצויזישן געלערנטן און היסטאָריקער זשיל איסאַק, וועלכער האָט באַוויזן, אַז די היטלעריסטישע רציחות איבערן יידישן פאָלק האָבן געהאַט זייער אָנהייב אין די קריַיץ־צוגן און אין אַלע אַנדערע מאָרדן און גזירות לגבי יידן אין דער קריסטלעכער וועלט. אַנדרעי שוואַרץ־באַרט האָט אויף אַזאַ געשיכטלעכער איַינשטעלונג אָנגעשפּאַרט זיַין באַרימט בוך "דער לעצטער פון די למדוואָוו־ניקעס". דאָס באַדיַיט נישט לחלוטין, אַז ספּאַרד האָט ביי עמעצן גענומען זיַין געדאַנק וועגן די כסדרדיקע "פאַרקניפּונגען" פון די דורותדיקע יידישע ליַידן. אַגב גרייכט ער מיט זיין וויזיע וויַיטער. אין דעם ליד "חלום חלמתי" איז די וויזיע דערשיטערנדיק אין איר אויסקלאַנג און אויסשפּרייט...

די נאַציאָנאַלע טענער קלינגען אין ספּאַרדס דיכטונג אַלע מאָל דרייסטער און דערמוטנדיקער. און אויך אויפריכטיק חשבון־הנפשדיק. מיט וויפל קראַפט און ציטער הילכן אָפּ אין אונדזערע הערצער אָט אַזעלכע ווערטער:

אָ, לעבן מיַינס ווי אַ קוואַל פון אונטערדריקטע פלאַסטן
האָסט אַ רעד געטאָן אין מיר מיט גורלדיקער שטים
און ס'וויל נישט מיַין געביין זיך שטיקן מער אונטער פרעמדע לאַסטן
און מיַין געזיכט — פאַרמעקט זיַין אונטער אַ פרעמדן גרים.

צו קאָמענטירן דאָס איז איבעריק. עס וויל זיך בעסער ציטירן און ציטירן, לאָזן דעם דיכטער אַליין רעדן מיט זיַינע פערזן, טאָ לאָמיר אים וויַיטער הערן:

אַ פונק האָט אָפּגעריסן זיך פון פלאַם
אַ טראָפּן איז אַנטלאָפן פונעם ים
צו לעבן גאַוהדיק פאַר זיך אַליין
און דאָס איז זייער סוף געווען.

און וויַיטער:

אין דיר מיַין פאָלק איך בין יאָרטויזנטער שוין אַלט
און יעדער קלאַנג איז שיין, און יעדעס וואָרט־געשטאַלט.
אָפּגעשיידט פון דיר, איך בין אַ רגע בלויז
אַ שאָטן וואָס פאַרשווינדט, אַ שטומער אות.

דוד ספּאַרד איז טיף נאַציאָנאַל און טיף אַלמענטשלעך, אוניווערסאַל. און אַן אַבסורד איז צו מיינען, אַז איינס שליסט אויס דאָס צווייטע, פאַרקערט, איינס דערגאַנצט דאָס צווייטע. בלויז אין שמאָלע הערצער און איינגעשרומפּענע מוחות קענען נישט נעסטן צוזאַמען קיין אַנדערשקייטן און פאַרשידנקייטן. אין ספּאַרדס יידיש האַרץ וויברירן די פאַרשידנסטע סטרונעס אין איינקלאַנג, פּונקט ווי עס שפּאַנען ביי אים צוזאַמען טרויער און פרייד, ווי עס פלעכטן זיך דורך אין זיין דיכטונג חורבן און טרייסט.

ווייל יעדעס האַרץ פאַרמאָגט זיין מאָס
און יעדעס האַרץ פאַרמאָגט זיין גרויס
און ס׳קען אויך טרויער זיין מיט טרייסט
און ליבשאַפט שטאַרקע — מיט פאַרדראָס.

ספּאַרדס דיכטונג איז פריש ווי דער מאָרגנטוי און פילפאַרביק ווי דער רעגנ־בויגן. און ווי אַ רעגנבויגן, וואָס שימערירט אויף אויף אַ פאַרוואָלקנטן און מיט זון באַשטראַלטן הימל, אַזוי איז זי איינגעטונקען אין וואָלקנס טרויער און אין זוניקער טרייסט. די דיכטונג פון דוד ספּאַרד איז שטאַרקער גלויבן אין מענטש, גלויבן אין אַ געהויבענעם מענטשלעכן אידעאַל, וואָס וועט סוף כל סוף ברענגען נאַציאָנאַלע און מענטשן־דערלייזונג. אָט ווי ער דיכטעט וועגן דעם אין זיינעם אַ ליד וועגן אַ לעגענדע איבער אַ זילבערנעם קוואַל אַ געפאַנגענעם אונטער אַ שטיין:

דאָס דויערט שוין לאַנג
יאָרטויזנטער באַלד
די טעג ווערן קראַנק
די טעג ווערן אַלט
נאָר אין האַרצן דעם גלויבן זיי טראָגן
אַז אין איינעם אַ שיינעם באַגינען
זיי וועלן צום שטיין זיך דערשלאָגן
און דעם זילבערנעם קוואַל דאָרט געפינען...

**(פון אַן אַרבעט געשריבן אין 1968, וואַרשע)**

## מרדכי צאַנין — פּאַרזיצער פון יידישן שרייבער- און זשורנאַליסטן-פּאַראיין אין ישראל

# מענטש און מענטשלעכקייט

...פאַראַן אַ מינדערהייט אויף דער וועלט, אַ מינדערהייט פון דער ראַסע ל״ו־צדיקים, וואָס קלאָמערן זיך ביי דער מחשבה, וואָס גאָט האָט געהאַט, ווען ער האָט באַשאַפן דעם מענטש אין זיין געשטאַלט, אַז דער מענטש, און במילא זיין מענטש־לעכקייט, איז דער העכסטער אימפּעראַטיוו.

צו אָט דער מינדערהייט האָט געהערט דער פאַרשטאָרבענער דוד ספאַרד. געוויינטלעך וואָלט איך קודם־כל געדאַרפט ריידן וועגן דוד ספאַרד דעם דיכטער און עסעיִסט, אָבער אויך דאַן וואָלט איך ציטירט זיין ליד, וואָס לייענט זיך אַזוי: ״וואָס טאָן מיט מיין האַרץ, מיט מיין נאַריש האַרץ״... אין דעם ליד, געשריבן מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין אַן אַנדער וועלט, טאַקע אין אַ וועלט, אין וועלכער דער מענטש שטייט אויפן לעצטן פּלאַץ, זינגט דוד ספאַרד אַזוי: ״וואָס טאָן מיט מיין נאַריש האַרץ, / ווען אין גאַנצן אומגעריכט / עס וואַרפט אַראָפּ פון זיך / די קאַלטע מאַסקעס / פון די קלוגע טעג / און אין נאַכט־שוואַרץ, / צעשויבערט און צעכראַסטעט, / עס לויפט אַרויס אין מיט פון וועג / און רופט נאָך הילף אין אַלע זייטן שטומע — / ווער וועט זיין געשריי דען הערן, / ווער וועט אין דער פינצטערניש דען קומען? / אַז אַלע גראָזן, אַלע ביימער דרימלען, / און די הימלען / טריפן שטיל מיט בוימלדיקע שטערן״.

איר זעט, — אפילו, איך ציטיר אַ ליד פון דוד ספאַרד, קומט אַרויס דאָס, וואָס איך האָב פריער געזאָגט אַן צו ציטירן זיין ליד וועגן אים, דעם מענטש און זיין מענטשלעכקייט. אין דער אַרומיקער וועלט פון אכזריות און ווילדקייט קען מען נישט סיי אידעאָלאָגיש סיי פּראַקטיש באַהערשן זיין האַרץ — עס וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַלע קאַלטע מאַסקעס פון די קלוגיטשקע טעג און עס רופט נאָך הילף...

דאָס האַרץ איז געווען דוד ספאַרד גופא.

יאָרנלאַנג האָט ער געהערט צו יענער באַוועגונג, וואָס האָט אין אירע ראָמאַנ־טישע און אידעאַליסטישע יאָרן געטראָגן די שענסטע מענטשלעכע אידיי: צו שאַפן אַ וועלט, אין וועלכער דער מענטש זאָל זיין דער דאָמינירנדיקער עלעמענט אויף דער ערד.

וועגן דעם, וואָס פון דער דאָזיקער אידיי האָט זיך אויסגעלאָזט — וועגן דעם איז נישט ווערט צו פאַרלירן אַפילו אַן איינציק וואָרט.

דוד ספאַרד האָט, אין אָט דער וועלט פון אַקאַליפּטישע און אַכזריותדיקע אומבאַדינגונגען, קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו זיין מענטש און צו מאַניפעסטירן

זײַן מענטשלעכקײַט. דוד ספּאַרד האָט געהערט צו די זעלטענע מענטשלעכע עקזעמפּלאַרן וואָס האָבן זיך אין אָט דער וועלט ניט פּאַרלוירן. ער האָט דעם צלם אלקים אויפגעהאַלטן אין אַלע סיטואַציעס.

כ׳ווייס ניט, צי דוד ספּאַרד איז אַלע מאָל געווען באַוווסטזיניק צו דער דערציילונג אין דער ערשטער פּרשה פונעם חומש־בראשית וועגן דעם מענטש, וועגן זײַן מאַיעסטעט דעם מענטש און מענטשלעכקײַט. כ׳בין אָבער זיכער אַז די דערציילונג האָט זיך טיף אײַנגעקריצט אין אים פון זײַנע קינדהײַט־יאָרן, ווען ער האָט אין זײַן היים, אין דער היים פון אַ רב, די פּרשה איינגעחזרט און איר עטישער אויסקלאַנג האָט אים באַגלייט ווי אַ ניגון אין זײַן לאַנג לעבן און זײַנע מעשים.

ער האָט געהיט דעם צלם אלקים אין זיך און אים אויפגעהיטן ביז זײַנע לעצטע מינוטן.

מיט דוד ספּאַרדס אַוועקגיין באַווייזען מיר ניט אַזוי דעם פּאָעט ווי דעם מענטש — דער פּאָעט לעבט אין זײַנע לידער און ער וועט אין זײַנע לידער לעבן אייביק...

געשטאָרבן איז דוד ספּאַרד, דער מענטש מיט אַ גרויס מענטשלעך גלויביק האַרץ. אפשר איז ווען ערגעץ ווו פאַרצייכנט געוואָרן, אַז אַזאַ מענטש ווי דוד ספּאַרד האָט פאַרדינט, אַז צום סוף פון זײַנע טעג זאָל ער קומען צו קבורה אין דער ערד פון ירושלים און אַזוי איז געשען: דאָס האַרץ פון דעם מענטש דוד ספּאַרד האָט זיך פאַרקנסט צו דער ערד פון ירושלים.

(פון דער ראַדיאָ־אווידיציע צום אָנדענק פון דוד פּאַרד.

קול ישראל, 11 אָק׳ 1981)



## מאיר חרץ

# אַ וואָרט וועגן דוד ספּאַרד ז״ל

איך ווייס נישט צי פֿאַר די עטלעכע און פֿופֿציק יאָר ליטעראַרישער טעטיקייט פֿון ייִדישן שרײַבער דוד ספּאַרד ז״ל איז געווען אַ מאָל בײַ אים אַ הפסקה אינעם שרײַבן. עס טרעפֿן דאָך אַזעלכע תקופות בײַ שרײַבער. איך וועל דאָ אַצינד נישט אָפּנייגן און נישט אויסרעכענען דאָס לאַנגע צעטל מיט נעמען, בײַ וועמען אַזעלכע תקופות האָבן געטראָפֿן. איך ווייס נישט ווי שוין געזאָגט, צי פֿאַר די עטלעכע און פֿופֿציק יאָר זענען בײַ ספּאַרדן אַזעלכע הפסקות געווען, אָבער פֿאַר די 25 יאָר, וואָס איך האָב אים געקענט, צוערשט זײַן ווערק, ווען אין 1956 זענען קיין טשערנאָוויץ דערגאַנגען די ייִדישע אויסגאַבעס פֿון נאָך־מלחמהדיקן פּוילן און שפּעטער אויך פּערזענלעך דאָ אין ישראל, פֿאַר אָט די 25 יאָר זענען קיין הפסקות אין זײַן שאַפֿן נישט געווען. ער האָט תמיד געלאָזט הערן זײַן וואָרט אַ מאָל אין אַן עסיי, אַ מאָל אין אַ ליד צי טאָקע אַ לידערבוך. פֿאַר די עטלעכע יאָר זינט זײַן עליה פֿון פּוילן ביז מײַן עליה פֿו רוסלאַנד, ווען זײַנע ווערק בכתב זענען צו אונדז נישט דערגאַנגען, האָבן מיר אים דאָרט אָפֿט געהערט דעמלט אין ישראלדיקן ראַדיאָ.

בעת אונדזערע באַגעגענישן דאָ אין ירושלים פֿלעגט ער זייער אַ סך דערציילן וועגן מלך ראַוויטשן ז״ל. אין יענעם פּעריאָד, ווען ספּאַרד איז געווען מצד די קאָמוניסטן אַ מיטגליד אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון ייִדישן שרײַבער־הויז אין וואַרשע און דער נישט־קאָמוניסט ראַוויטש איז געווען דער פֿאַרזיצער. פֿון אָט די שמועסן האָב איך אַרויסגעהערט, אַז אין די עקסטר־עמסטע צײַטן בײַ די קאָמוניסטן איז דוד ספּאַרד געווען דער סאַמע טאָלעראַנטער, דער פֿײַערלעכער און באַפֿרײַנדעט מיט אַלעמען. מלך ראַוויטש האָט געפֿרעגט בײַ ספּאַרדן — צי האָט אַ מענטש רעכט מורא צו האָבן — די דאָזיקע פֿראַגע האָט דעמלט בײַ אונדזערע העלדן אויסגעזען, אין בעסטן פֿאַל, קאָמיש. פֿון דוד ספּאַרדן האָט ראַוויטש באַקומען די דאָזיקע רעכט דעמלט, איך שטרײַך אונטער דעמלט, און זיך גאָר נישט שלעכט באַנוצט מיט אָט די רעכט.

דוד ספּאַרד איז קודם כל געווען אַ ייִדישער שרײַבער. איך געדענק, אַז בײַ אונדז אין שטעטל איז אין די צײַטן פֿון דער קולטור־ליגע געווען אַ יונגערמאַן, וואָס פֿלעגט דאָרט אָפֿט אַרויסטרעטן, אַז — דער חבר שלום עליכם מיינט מיט פּעפּערלען דעם און יענעם און אַז דער חבר פּרץ מיינט מיט זײַן באַנציע שווײַג יענעם און דעם און ווען נאָך אַ יאָר זײַן אין דער גרויסער שטאָט, איז אונדזער יונגערמאַן זיך דורכגעקומען צוגאַסט אין שטעטל, איז שוין געווען בײַ אים אויס שלום עליכם און אויס פּרץ. די קאָמוניסטישע טעטיקייט האָט אים פֿאַרשלעפּט אין

גוישן סעקטאָר, ווו סע געפינט זיך אזוי צו זאָגן דער רוב פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן. דוד ספּאַרד האָט אָנגעהויבן מיט יידישער ליטעראַטור און ווען די קאָמוניסטן האָבן געענדיקט מיט דער יידישער ליטעראַטור האָט ער געענדיקט מיט די קאָמוניסטן.

אין ישראל האָט זיך דוד ספּאַרד געדרוקט אין אַלע יידישע אויסגאַבעס און טאָקע גאַנץ אָפט. אַ מאָל דאָ אַ ליד און דאָרט אַן עסיי און אַ מאָל דאָ אַן עסיי און דאָרט אַ ליד. ספּאַרדן האָט מען אומעטום גערן געדרוקט און אַלע אויסגאַבעס האָבן געוואָלט האָבן ספּאַרדן פאַר זייער מיטאַרבעטער. סיסטעמאַטיש אָבער האָט זיך דוד ספּאַרד געדרוקט פאַר די לעצטע אַכט יאָר פונעם יאָר 1973 אין אַלע 12 נומערן פונעם ״ירושלימער אַלמאַנאַך״, ווו ער איז אויך געווען מיטרעדאַקטער. אין יעדן נומער אַ גרויסער ציקל לידער און אין יעדן נומער אַ גרויסער עסייען־ציקל. אין יעדן נומער ביידע ציקלען. אין אַלמאַנאַך האָט ער זיך געפילט בײַ זיך.

צוריק מיט עטלעכע יאָר איז דוד ספּאַרד קראַנק געווען אויף די אויגן און דורכגעמאַכט איין אָפּעראַציע און אַ צווייטע און ס׳איז אים געווען פאַרבאָטן מצד די דאָקטוירים סײַ פאַר די אָפּעראַציעס און סײַ אַ צײַט נאָך די אָפּעראַציעס צו לייענען און צו שרײַבן און דוד ספּאַרד האָט בגניבה סײַ אַ ביסעלע געלייענט און סײַ אַ ביסעלע געשריבן און אַ ביסעלע אויך רעדאַגירט אייניקע מאַטעריאַלן פאַרן אַלמאַנאַך.

דער טויט פון דוד ספּאַרדן האָט אונדז אַלעמען שווער געטראָפן. מיר זענען געשטאַנען געבויגן איבער זײַן קבר ווער מיט אַ רעדע און ווער אַן אַ רעדע אין טיפן־טיפן טרויער. דער טויט פון דוד ספּאַרדן האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ באַזונדערן אַרט טרויער. בײַ אַלע טרויערן, וואָס איך האָב שוין אין מײַן לעבן איבערגעלעבט שטאַרקערע און שוואַכערע, האָב איך נאָך דעם טעם פון אַזאַ אַרט, פון אַזאַ מין טרויער, נישט געוווסט, אויב מע קען אויך דעם טרויער אײַנטיילן אין מינים. איר האָט, דאַכט זיך מיר, אַלע געקאָנט דוד ספּאַרדן און עס געוווסט גלײַך מיט מיר, אַז אַ חוץ אַ יידישער שרײַבער איז ספּאַרד געווען אַ ייד אַ חכם. אַ צווייטן קאָלעקציאָנער פון חכמה ווי ס׳איז געווען דוד ספּאַרד, האָב איך אין מײַן לעבן נישט באַגעגנט. און ניט נאָר זײַן רעדן איז געווען פול מיט חכמה. זײַן שמייכל איז געווען חכמה, זײַן יעדער טראָט איז געווען באַלאַדן מיט חכמה. חן און חכמה. ווען מע האָט מיר אָנגעקלונגען און אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה, אַז ספּאַרד איז געשטאָרבן, איז מײַן ערשטער געדאַנק געווען: אוי ווײ איז מיר, וואָס וועט איצטער זײַן מיט דער חכמה זײַנער? דער מענטש, געווײנלעך, רעדט ווייניקער ווי ער טראַכט און שרײַבט ווייניקער ווי ער רעדט. דאָס ווערק פונעם סאַמע פּראָדוקטיווסטן שרײַבער איז נישט מער ווי אַ פראַגמענט פון זײַן וועזן. בײַ ספּאַרדן איז אפילו זײַן שווײַגן געווען פול מיט חכמה און איצטער, מײַנע ליבע פרײַנד?

(דאָס וואָרט איז געהאַלטן געוואָרן אויפן הזכרה־אָוונט אין ירושלימער קולטור־הויז תל אור,
דעם 21טן אָקט׳ 1981.)

## עלי שעכטמאַן:

# דער אייביקער גייער פון חלום צו וואָר...

נישטאָ שוין מיט אונדז דער אומרויִקער, דער פון פיין צעוויכערטער דיכטער, וואָס איז מיט באָרוועסע טריט געגאַנגען איבער דער אַנגעגליטער ערד דורכן פייַער פון די ברענענדיקע בלעטער.

דוד ספאַרד איז מיט אונדז נישטאָ דאָ, אָבער זיין נשמה, זייַן דיכטערישע נשמה, די נשמה פון ווי און צאָרן, די נשמה פון דעם יידישן דיכטער, דעם אייביקן אָבל, וואָס שרייַבט אין די נעכט ביי דעם נישט אויסגעלאָשענעם פייַער פון אוישוויץ און טרעבלינקע, — יענע דיכטערישע נשמה איז פאַרבליבן מיט אונדז. און נאָך אַ נשמה זאָגט מען נישט קיין קדיש און נאָך אַ דיכטערישע נשמה — אוודאי און אוודאי נישט — — — — — —

— — — — — —

פון וואַנען איז ער, דוד ספאַרד, צו אונדז געקומען און געשטעלט זיך ביים עמוד, געוואָרן אַ שליח ציבור ?

וועגן דעם דערציילט אונדז דער דיכטער אַליין אין זייַן ליד "יידיש":

"עס האָט אין דער קינדהייַט מייַן יידיש / געגראַמט זיך מיט חסידיש / מיט גאָט פון אברהם / מיט אַלץ וואָס איז גוט און איז פרום / און פול מיט פאַרגין / און מיט צידוק הדין. / דערנאָך — מיט טעסליערעס פראָסטע וואָלינער, / מיט בענקשאַפט פון נעכט אוקראַיִנער / מיט ערשטיקער ליבע געהיימער / אין שאָטן פון שטעטלשע ביימער / אין לבנהקע אָוונטן בלאָסע. / און שפּעטער — / מיט בערזעס אויף וואַרשעווער גאַסן — / אויף דזשיקע, אויף גענשע און פרעטע / מיט לידער פון צער און פון צאָרן / מיט שטאָלצע און ליכטיקע שטרייַטן / פאַר אַלע דערנידערטע יאָרן / פאַר אַלע דערשלאָגענע צייַטן. און ווייַטער — / מיט בלוטיקע דייַטשישע שייַטערס / מיט שרעקן, רציחות און גרוילן / אין שטעט און אין שטעטלעך פון פוילן / מיט שוועסטער, מיט טאַטעס און מאַמעס / מיט אַלץ וואָס איז נאָענט און טייַער / עס טוט זיך מייַן יידיש איצט גראַמען / צעלויכטן אין בראַנד און אין פייַער". — — — — — — —

— — — — — —

דוד ספאַרד'ן, דעם וואָגלער, דעם אייביקן גייער פון חלומות צו וואָר, צו רעכט און גערעכטיקייט, גראָד אים, דעם דיכטער, האָט מען דאָ פאַרשוויגן. אָבער ער, דוד ספאַרד, האָט דאָ כמעט קיינעם נישט פאַרשוויגן. ער האָט דאָ געשריבן וועגן אַ סך שרייַבער און דיכטער. ער האָט ביי יעדן שרייַבער און דיכטער געזוכט דאָס שיינע, דאָס עכטע, דעם תוך, דעם מהות, דאָס שעפערישע.

ער איז געווען אַ דענקער, דוד ספאַרד. נישט נאָר אין זײַן עסיי נאָר אויך אין זיין ליד, ווייל ער איז געווען אַ ליריקער. און אַמתע ליריק מוז שוין זיין פילאָסאָפיש. זיין מחשבה איז אָבער געווען נישט קיין אַבסטראַקטע און נישט קיין קאַלטע, זיין מחשבה איז געווען אַן ערדישע, אַ פאַרביקע, אַ האַרציק־וואַרעמע. דער געדאַנק איז ביי אים תמיד געווען געקניפּט און געבונדן מיט דער נשמה און ניט אומזיסט איז זײַן לעצט וואָרט, דאָ אויף דער ערד, שוין אין די לעצטע רגעס פון זיין לעבן געווען — מאַמע...

דער דיכטער דוד ספאַרד, — דער לעצטער מאָהיקאַנער פון אונדזער שטורמיש־בלוטיקער צײַט, פון דער שוידערלעכסטער תקופה אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק — ער וועט פאַרבלייבן אַ לעבעדיקער אין דער אייביק־לעבעדיקער יידישער ליטעראַטור, אין דער ליטעראַטור, וואָס וועט מיט דער צײַט ווערן די כתבי הקודש פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

**פון זײַן וואָרט אויפן הזכרה־אָוונט אין ירושלים**

**ירושלים, יולי 1976**



ירושלימער שרייבער אויף אַ באַגעגעניש מיט יידיש־אַמעריקאַנישע געזעלש.טוער.
פאָרנטיקע ריי — י. קערלער, מ. הרץ, ד. ספאַרד ז"ל, ר. בוימוואָל, ז. טעלעסין.
צווייטע ריי — י. בונה, פּראָפ' אַ. קאַרפּ, הרב ה. שעכטער, י. חריף ע"ה,
ד"ר אַ. גויאַלמאַן, ב. רעזניקאָוו.

## אפרים שעדלעצקי — רעדאַקטאָר פֿון "פֿאָלק און ציון":

# אַלזייטיק און אַרומנעמיק...

ווידער שטייען מיר געבויגן אין טיפֿן טרויער צוליבן טויט פון אונדזערס אַ חשובן מיטאַרבעטער ד"ר דוד ספּאַרד ז"ל, וועמענס פײַן־געשליפֿענע שײן־געשריבענע עסייען האָבן רעגולער באַשיינט אונדזער זשורנאַל, באַזונדערס אין די לעצטע פערציק נומערן פון "פאָלק און ציון". ערשט מיט צוויי נומערן צוריק איז נאָך דערשינען זיין אַרטיקל ("פאָלק און ציון", נומער 40) און אָט האָבן מיר אים געבראַכט צו אייביקער רו אויפן הר המנוחות אין ירושלים — דאָס איז געווען י"א אלול תשמ"א.

דער פאַרלוסט איז נישט בלויז אַן אבידה פון אונדזער זשורנאַל נאָר פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור בכלל, אין וועלכער דער ניפטר איז געווען פון אירע וויכטיקסטע וואַרטזאָגער און דערציער אַלס לאַנגיעריקער ליטעראַטור־רעדאַקטאָר, אַזוי זינט דעם סוף צוואַנציקער יאָרן אין וואַרשע ווען ער האָט זיך דערוואָרבן אַ שרייבערישע פּאָזיציע אויף טלאָמאַצקיע 13, ביז דער צייט ווען ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון רעדאַקטאָר פונעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל אין נאָכמלחמהדיקן פּוילן "יידישע שריפטן" און רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג "יידיש בוך" וואָס האָט אַרויסגעגעבן אונטער זיין רעדאַקציע 400 ביכער און צום רוב פון זיי האָט ער אויך אָנגעשריבן אַריינפירן.

אַלזייטיק און אַרומנעמיק איז געווען דער שאַפערישער וועג פון דוד ספּאַרד. נישט בלויז פּאָעט, אויך אויפן געביט פון פּראָזע האָט ער געשאַפן וואָגיקע ווערק, אָבער באַזונדערס איז זיין ביישטייער גרויס אויפן געביט פון ליטעראַטור־קריטיק...

— — — — — —

דוד ספּאַרד איז אַ מאָל, ווי אַ סך אין זיין דור — מיטגעריסן געוואָרן מיט די ראַדיקאַלע אידעען אויף דער יידישער גאַס. געווען נאָענט צום יידישן קאָמוניזם אָבער קיין מאָל נישט בלינד נאָכגעלאָפן און לסוף אים פאַרלאָזט און זיך אין אים אַנטוישט. דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין די פּובליציסטישע עסייען וואָס ער האָט די לעצטע יאָרן סטאַביל פאַרעפנטלעכט אויך אין "פאָלק און ציון", און באַזונדערס אין זיין לידער־זאַמלונג "שפּאַצירן אין דער נאַכט", וואָס איז דערשינען אין ירושלים אין יאָר 1979, אַ מין פּאָעטישער סך־הכל פון זיינע ערשטע צען יאָר לעבן אין ישראל.

— — — — — —

לירישע השתפכות, חשבון הנפש פון יחיד אָבער אויך פון ייִדישן כלל איִן אונדזער דור הילכן אָפּ אין ספּאַרדס לעצטן באַנד לידער געשריבן אין די צען יאָר פון זייַן לעבן אין ירושלים. די חשיבות פונעם דאָזיקן ווערק באַשטייט אין דעם וואָס חוץ אינדיווידועלע איבערלעבונג איז דאָ אויך פאַראַן איבערלעבונג פונעם דור. "שפּאַצירן אין דער נאַכט" איז אַ פּאָעטישער דאָקומענט פון אונדזער תקופה און אַן אויסדרוק פון אונדזער צייט, ווען די נאַציאָנאַל-ציוניסטישע דערקענטעניש איז געוואָרן די נחלה פונעם גאַנצן פאָלק, ווי דאָס ווערט דורך אים אײנפאַך אויסגעדריקט אינעם ליד "מדינה" —

מדינה מיינט אַ היימלאַנד ווי ביי אַלע,
ווו מען דאַרף נישט כורעים פאַלן
פאַר יעדן פרעמדן שמייכל,
פאַר יעדער פרעמדער פאָן.
נאָר אַלע מאָל מען קאָן
צו טיפן אייגענע דערגרייכן,
צו אייגענע באַזינטע הייכן — — —
און נישט פאַר יעדן רשע
מיט אייגענעם געזיכט זיך שעמען,
מיט אייגענעם באַליבטן לשון
מיט אייגענע באַליבטע נעמען.

— — — — — —

אַ זעלטענער פען-מענטש, וואַרעמער ייד און האַרציקער חבר איז אַוועק, אָבער זייַן אָנדענק וועט בלייבן ביי אַלע וועלכע האָבן איר געקענט און געשעצט.

**"פאָלק און ציון", נומ' 42, 1981**

* * *

ישעיהו שפּיגל:

# מיר וועלן אים געדענקען

## פון זײַן אַרבעט "דוד ספּאַרד" (צו די שלושים)

ווי באַקאַנט איז דוד ספּאַרד געווען דער זון פון אַ רב. דאָס מיינט צו זאָגן: בעת זיין קינדהייט און פריִע יוגנט־יאָרן האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך אַ ספּעציפישן, פרומען נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעלן קלימאַט. דער דאָזיקער קלימאַט איז ביי אים לחלוטין שורשדיק נישט פאַרשווונדן. ער איז אָבער פאַרדעקט געוואָרן מיט שיכטן פון זיין שפּעטערדיק אימפּולסיוו, דינאַמיש־זיגזאַגיש לעבן, אונטער בײַע הימלען. און גראָד ווי גוטע ערד, אַ פאַרדעקטע מיט הויכע שניי־שיכטן און שאַרפן פראָסט, היט־אָפּ אין זיך די פאַרפלאַנצטע גוטע זוימען, אַזוי אויך האָבן די ערשטע וואָרצלען פון זיין קינדהייט און פריִע יוגנט־יאָרן נישט געוועלקט. זיי זענען שפּעטער נאָך לאַנגע יאָרן אויף ס'נײַ אויפגעגאַנגען, שוין נאָכדעם ווי די דיקע שניי־שיכטן זענען זיך צעגאַנגען און דער שווער־פאַרקאָוועטער פראָסט האָט נאָכגעלאָזט און אויפגעטייעט.

ער איז אויך שפּעטער געוואָרן אַ געטרייער זון פון אַ ראַדיקאַל־פּראָגרעסיווער, הומאַנער, ריינער מחשבה. ווען ער איז שוין געקומען צו אונדז, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גאַנצן יוגנט־קלימאַט, — די איינגעבראַכענע פליגל פון זײַן פרומער, טראַדיציאָנעלער היים — אָבער איינצייטיק אויך די לעצטע צעריסענע רעשטלעך פון זײַן באַליידיקטער ראַדיקאַל־פּראָגרעסיווער מחשבה. אויף אַזאַ אופן האָט זיין איך, ווי אַ מענטש און שרײַבער, אויף ס'נײַ געזוכט די האַרמאָניע צווישן דעם אַמאָליקן זון פון אַ רב — און די צעפליקטע צויטן פון אַ באַליידיקטער, גרויסער אידעע.

דוד ספּאַרד האָט דעריבער געטראָגן אין זיך אַ מין דואַליזם: אַלט־יידישקייט מיט שיינער פאָלקס־טראַדיציע — און דעם פאַרשעמטן חלום פון אַ רעוואָלוציאָנערער וועלט־אידעע. ער איז פון דאָזיקן דואַליזם אַרויס בשלימות. וואָס שווערער ס'איז אים געוואָרן אַראָפּצוּוואַרפן פון זיינע יידישע אַקסלען די טיף־דורכגעלעבטע, אַנטוישטע סאָציאַלע אידעען — אַלץ לייכטער איז אים אָבער געוואָרן דאָס באַנייען דעם אַלטן, וואַרעמען קלימאַט פון זיין טאַטנס ירושה. ער איז גיך צוריקגעקומען צו דער האַרמאָניע ווי אַ מענטש און שרייבער: צו דער איינִיקייט פון מחשבה און טאַט. דאָס אַמאָליקע וואָרט האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם סטענסיל־און־סקאַר־באָווע־שאַלעכץ־נוסח און ער איז, נישט אָן שאַפערישע יסורים ווי אַ שרייבער, צוגעקומען צו זיין יצירה שוין אָן אָפּגעטובלטער, מען קען אפשר זאָגן, ווי אַ בעל־תשובה, וואָס זעט אונטער די בייִע יידישע הימלען אַרומשווימען זיין אייגנטלעכע

באַשטימונג, זיין גורל אַלס מענטש און שרייבער — אָבער דאָס שוין אין די שווערע, גראָע האַרבסט־יאָרן פון זיין ביז איצט דואַליסטיש לעבן. — — — —

איך האָב ליב געהאַט די אויפריכטיקייט און נישט־געהויבלטקייט פון זיין ליריש ליד. מען האָט געפילט דאָס רויע צאַפּלען פון אַ צעבראָכן האַרץ, אָן אויסדרעסירטער, קאָמופּלאַזשער עצבות. כ׳האָב ליב געהאַט זיין עסיי און קריטיש וואָרט, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ברייטן, לאַנגן אָטעם מיט אַ סך אַלמענטשלעך און אויך יידיש ליכט און תמצית. די קריטישע מעדיטאַציעס און קריטישע עסייען האָבן זיך ביי אים באַוויזן וואָס אָפטער דעמאָלט, בעת ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער ברונעם פון זיין ליריק האָט אָנגעהויבן שוין אַרויסצוווייזן דעם דנאָ. אָבער דאָס איז בלויז געווען אָן אויסדוכטעניש, וואָרעם דער קוואַל פון ליריק איז ביי דוד ספּאַרד, געווען דורך יאָרן בלויז אַ פאַרשטויסענער און פאַרשאָטענער. כ׳האָב ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו זיין תמיד אַ ביסל הייזעריקלעך קול, וואָס האָט אין מיינע אויערן אָפּגעציטערט מיטן טעמבער פון קאַזאַלס עלעגישע טשעלאָ־טענער. כ׳האָב ליב געהאַט זיינע פאַרזשמורעטע אויגן הינטער די אויגן־גלעזער, וואָס האָבן געקוקט תמיד צו ווייטע, נישט־ערדישע האָריזאָנטן. וואָס אַזוינס האָבן זיי דעמאָלט געזען — די אומרויִקע אויגן העט־העט, שוין איבער די ערדישע גרענעצן? אפשר — די איינזאַמע, חרובע שטוב פון טאַטן דעם רב? אפשר דעם פאַריזער לאַטיין־פערטל? אפשר די קברים אויפן פאַריזער בית־עולם, ווו עס רוען די גרויסע, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט? און אפשר גאָר — די אויוונס פון אוישוויץ און דעם גורל פון זיין יידיש־פוילן, וואָס ער האָט אַזוי וואַרעם און מיט ליבשאַפט געטראָגן אין זיין קראַנק האַרץ?

ער איז געווען, ווי אַ דיכטער, ערלעך און געטריי צום יידישן פּאָעטישן וואָרט. ער האָט נישט — ווי אַנדערע — בליץ־שנעל איבערגעמישט דעם פּאָעטישן מחזור און געצומען זינגען מיט נייע נאָטן. ער האָט געהאַט אַן אינטימע, וואַרעמע באַציונג צום ריינעם, פּשוטן וואָרט. אין דעם פרט איז דוד ספּאַרד געווען אַ הויך־דיסציפּלי־נירטער שרייבער. וועגן דעם רופט זיך אָפּ, למשל, דער גרויסער יעקב גלאַטשטיין ע״ה מיט אַ סך פיעטעט, בעת ער שרייבט וועגן ספּאַרדס נאַציאָנאַלן טאָן פון זיין ניי ליד: ״דאָס כאַראַקטעריסטישע פון ספּאַרדס נייעם פּילטאַניקן בוך לידער (געמיינט ״באַרוועסע טריט״) איז דער אומדערשראָקענער און אומפאַרלייקנטער וואַרעמער נאַציאָנאַלער טאָן״. אָדער וועגן ספּאַרדס באַציונג צום וואָרט גופא שרייבט י. גלאַטשטיין: ״ער איז אַ דיכטער, וואָס איז שטאַרק פאַרנומען מיטן פּראָבלעם פון פּאָעטישן וואָרט. ... די מיסטעריע פון וואָרט אינטערעסירט דעם פּאָעט דוד ספּאַרד. ... ער אַנאַליזירט זיין אייגענעם ״אויסטערלישן גאַנג״ און זיין מיטגאַנג אין ״קעניגרייַך פון וואָרט״.״ (ז״ז 179, 182 אין עסייען־בוך פון יעקב גלאַטשטיין ״אין דער וועלט מיט יידיש״, נ.י. 1972).

איצט קען מען שוין דערציילן. עס דערמאָנט זיך:

אין אַ פּוילישן ווינטער־אָוונט, אין יאַנואַר 1951, ערב מיין פאַרלאָזן פּוילן, בין איך מיט מיין פרוי אַוועק זיך געזעגענען מיט דער משפחה ספּאַרד. ביים

אַריינקומען האָט אונדז תיכּף אַרומגענומען דאָס הויכע זוניקע לאַכן פון דער שיינער פרוי ריווע ספּאַרד. דוד ספּאַרד האָט ביי אונדזער אָפּשייד געטראָגן אויף די הענט זיין דעמאָלט עטלעך־יעריק יינגעלע, לעאָן. שוין אויף דער שוועל האָט ער בלחש און הייזעריקלעך צו אונדז געפליסטערט: "מיין גרעסטער חלום איז, אַז מיין יינגעלע זאָל דערצויגן ווערן ד אַ ר ט ן , אין ארץ־ישראל". די השגחה איז טאַקע נאָכגעקומען זיין תּפילה. זיין יינגעלע איז, אָבער פיל שפּעטער, נאָך שווערע יאָרן פון ביטערע נסיונות — אָנגעקומען קיין ישראל, אַ דערצויגענער נאָך ד אַ ר ט ן , כּדי אָנצוהייבן אויף ס'נייַ אַ נייע יידישע איבערדערציונג אין אור־מקור פון באַנייטן יידישן היימלאַנד.

די יידישע ליטעראַטור וועט ספּאַרדס יצירה פאַרגעדענקען. מיר וועלן אים אַלע געדענקען, ווי מיר געדענקען אַלע די, וואָס האָבן מיט אמונה און געראַנגל זיך אויפגעהויבן העכער איבער דער גרויזאַמער אַלטעגלעכקייט פון די ביטערע תּקופות. די בזיונות, שפלות און פאַרלוירענע חזיונות האָבן זיי צוריקגעבראַכט אַהיים. צו דער דאָזיקער היים, וואָס איז געוואָרן — ווי דוד ספּאַרד זינגט אין זיין לעצט־פאַרעפנטלעכע ליד "יידישע ערד".

אַז צווישן אַלע ווייטע, פרעמדע טיילן ערד
איז אויך פאַר מיר אַ נאָענטע און אייגענע באַשערט.

די באַשערטע ערד האָט געטריי אויפגענומען זיין יצירהדיקן צוריקקער — און אויך געטריי איצט אויפגענומען די רעשטלעך פון זיין אויסגעלאַשענעם גוף. דער יידישער לייענער וועט אים אויך נישט פאַרגעסן, בעת דער דיכטער איז צוריקגעקומען שוין פון דאָרטן אַ קראַנקער און אַ פאַרשעמטער. דאָ, אין יידישן היימלאַנד, וועט די געטרייע יידישע ערד אים קיין מאָל נישט פאַרשעמען.

**("ישראל־שטימע", פון 27 אָקט' 1981)**

## נחמן ראַפּפּ

# דוד ספּאַרד דער יידישער דיכטער

די וואָס האָבן נאָכגעפּאָלגט און אַקטיוו מיטגעלעבט מיט דער יידישער קולטור־געשיכטע פאַרן לעצטן דור, ספּעציעל איר אַנטוויקלונג אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור, וועלן, אין אַ געוויסער מאָס, קענען באַצייכענען דוד ספּאַרדן ווי אַ קעמפנדיקן דיכטער, דאָס הייסט ווי אַ דיכטער וואָס קעמפט פאַר אַנגענומענע געזעלשאַפטלעך־קינסטלערישע אמתן, אָפּהענגיק פון צײַט און אָרט, וואָס זענען אויך זײַנע אמתן. אָבער דאָס וועט זײַן ריכטיק, ווי מיר האָבן געזאָגט, נאָר אין אַ געוויסער מאָס. ווײַל קוים פּרוווט מען נאָר מאַכן די ערשטע טריט "אין דיכטערס לאַנד", דאָס הייסט, שוין בײַ אַן אויבנאויפיקן אַנאַליז פון דער שאַפונג פון דוד ספּאַרד, וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן זײַן יחידישער גאַנג און צוגאַנג, סײַ אין זײַן דיכטערישן שאַפן און סײַ אין זײַן פילאָזאָפישן וועלט־באַנעם וועגן ליטעראַטור און וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

דוד ספּאַרדן איז אויסגעקומען צו לעבן און שאַפן אין אַן אָרט און אין אַן אַטמאָספער ווו עס האָט געהערשט דער פּריקאַז פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם, דאָס הייסט, פון פאַרלייקענען די עקזיסטירנדיקע ווירקלעכקייט און זי פאַרבײַטן אין דער ליטעראַטור מיט אַן אויסגעטראַכטער ווירקלעכקייט פון פרומען באַלשעוויס־טישן ווונטש. פאַרשטייט מען שוין פון זיך זעלבער, ווי שווער, אויב ס'איז בכלל מעגלעך פאַר אַ דיכטער אַנצונעמען און אויספירן אָט דעם פּריקאַז. און וואָלט אָט דער פּריקאַז פון סאָצ־רעאַליזם חל געוועזן נאָר אויף קינסטלערישער שאַפונג, וואָלט עס נאָך געוועזן די גוטע האַלבע צרה. ערגער איז, וואָס דער פאַרבאָט צו זאָגן דעם אמת און אים פאַרבײַטן מיט אַן אויסגעטראַכטן ליגן איז חל געוועזן אויפן גאַנצן לאַנד און אויף אַלע אירע בירגער. דער שמיד האָט געמוזט זאָגן, אַז דער סאָוויעטישער אָקעראַנײַזן איז דער בעסטער אין דער וועלט און וועדט סטאַכאַנאָוויש אויסגעאַרבעט איבערן פּלאַן ,די סאָוויעטישע דערפינדונגען זענען די סאַמע קליגסטע, לויט דער לאָגיק, אַז אַלע קליגסטע דערפינדונגען זענען, ווי דען אַנדערש, סאָוויעטישע. און ווו לעבט נאָך אַ בירגער מיט אַזאַ לעבנספרייד, ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד? און וועגן דעם האָט דער בירגער געמוזט דעקלאַרירן און דער דיכטער האָט געמוזט וועגן דעם זינגען.

טרעפט מען נישט, בײַם דיכטער דוד ספּאַרד אַזאַ מין פאַלש לעבנספריידיק געזאַנג. זײַן ליד איז דורכגעדרונגען מיט טיפן יידישן טרויער און פאַרגלויבטער יידישער אמונה. ער ווייטיקט דעם ווייטיק פון די יידישע קברים אין מדינת פוילן,

אויף וועלכע עס רײַסט דאָס האַרץ צו פאַרלאָזן און זיי נישט באַגיטיקן מיט אַ יידישע טרער. יאָ, די ספּעצן פון "לעבנספרייד" פאַרבאָטן צו באַווײנען אין לידער דעם טראַגישן יידישן גורל, דעם יידישן חורבן. "גענוג מיט די קלאָג־לידער" — סטראַשען די קולטור־ספּעצן שוין אין 1945, ווען דער רויך פון די גאַז־קוימענס איז זיך נאָך נישט פונאַנדערגעגאַנגען איבער די אַשוויענטשימס. און אין אָט דער אַטמאָספער פון חלול המענטש האָט זיך געהערט דאָס שטילע ליד פון דוד ספּאַרד, דאָס יידישע ליד פון אַ צעווייטיקט האַרץ פון אַ יידישן דיכטער. דוד ספּאַרד וועט אין אָט דער אַטמאָספער זײַן אַקטיוו אויף אַ סך געביטן פון דער יידישער קולטור. און אויך אין זײַן פילאָזאָפישער עסייאיסטיק, ווי בכלל אין דעם אַלגעמיינעם שלעפּן דעם שווערן וואָגן פון דער יידישער קולטור, איז ער נישט געווען דאָס פאַרריסענע קאָמפּס־פערד וואָס גייט אין דער ריכטונג פון דער צוים, נאָר יחידיש־דיכטעריש און יחידיש־יידיש האָט ער געלאָזט הערן זײַן וואָרט און זײַן געזאַנג אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אים אין יענעם אָרט אָפּגעהאַקט דעם אָטעם.

אויך דאָס געזאַנג פון דוד ספּאַרד דאָ אין ישראל, ווו ער איז געקומען אל המנוחה, האָט נישט אויפגעקלונגען מיטן שרײַאיקן טאָן פון איבערגעטריבענעם טריומף, ווי עס איז געווען, אין פלוג, מיט מורא צו דערוואָרטן. זײַנע לידער וועגן ירושלים זענען אַרומגעגאַנגען איבער די בערג פון ירושלים און אירע טאָלן מיט שטילע באַרוועסע טריט, ווי עס פּאַסט פאַר עכטן לירישן געזאַנג. ער האָט נישט געזונגען וועגן געוווּנענע קאַמפן, ווײַל דאָס וואָרט קאַמף איז דוד ספּאַרדן בכלל פרעמד געווען. זײַנע לידער זענען אויפגעגאַנגען ווי אַ תפילה זכה וועלכע מען זאָגט בלחש, ווי אַ לירישער חשבון פון דיכטער מיט זיך, מיט דעם אָרום און מיט דער לאַנדשאַפט וואָס האָט אים ממש פאַרכשופט. און היות דער עכטער דיכטער ווייסט, אַז עס זענען פאַראַן גרענעצן אין וועלכע פערזענלעכע פרייד און אייגענער צער ווערן פאַרוואַנדלט אין נחלת הכלל, האָט דער דיכטער מיט יעדן דיכטערישן אָטעם־צוג זײַנעם, מיט פּאָעטישער אינטויטיווקייט מקיים געווען די נביאישע פּראָגנאָזע פון "ושבו בנים לגבולם". דוד ספּאַרד איז דערגאַנגען, דאָ אין ישראל, צו אָט דער לויטערער גרענעץ, וואָס פאַרבינדט דעם יידישן דיכטער מיט זײַן נאַציאָנאַלן קלימאַט אין ארץ ישראל.

נישט פאַראַן נאָך קיין אַרומנעמענדיקע אַרבעט וועגן דיכטער דוד ספּאַרד און די פּעריאָדן פון זײַן שאַפן. דאָס וועט מסתמא מיט דער צײַט קומען. דעמאָלט וועט דוד ספּאַרד אויפגיין פאַר אונדז מיט זײַן גאַנצער דיכטערישער אייגנאַרטיקער פערזענלעכקייט. און פאַרלויפן דעם וועג איז אוממעגלעך. בלײַבט מיר איצט, אין די קורצע ראַמען צו פאַרענדיקן מײַנע פאָר ווערטער מיט אַ ליד, וואָס איז געווידמעט דעם אָנדענק פון יידישן דיכטער דוד ספּאַרד.

## דוד ספּאַרד — לזכר

דער יוצר אור
האָט מיט גרויס רחמים איבערגעלאָזט
טונקעלע שפּאַלטן
אין די בערג פֿון ירושלים
פֿאַר חדוש מעשי בראשית
פֿון דיכטער.
איז ער געקומען מיט שטילע טריט,
פֿון שווערן וואָגל אויפֿגעהיט,
און פֿון זוניקן האַרץ אויפֿגעצונדן
גאָלדערנע ליכטער.

איז ער געשטאַנען פֿאַרן כשוף-שייַן
און געטרונקען דעם טונקלגאָלד ווי ווייַן,
מיט אַלע זייַנע רמ״ח גלידער.
און די בערג פֿון ירושלים זענען אויפֿגעגאַנגען
אין ווייַרויך פֿון זייַנע לידער.

ביז די שקיעה האָט אין אַלכסון געבראַנדזיקט
דאָס ליכט,
דאָס ליכט אויף די בערג און אויף זייַן געזיכט,
האָט ער זייַנע אויגן צעעפֿנט ווי קוואַלן.
דערנאָך האָט די נאַכט פֿאַרהילט די פּראַכט
און ער איז אין כורעים געפֿאַלן.

* * *

## יצחק יאַנאַסאָוויטש

# נוסח פוילן

וואָס נוגע דוד ספּאַרדן האָט זײַן אָנהייב געלאָזט וואָרצלען אין זײַן שפּעטער־דיקער אַנטוויקלונג אין צוויי ריכטונגען: ער איז, ערשטנס, געבליבן זיין גאַנץ שעפעריש לעבן אַ דיכטער וואָס אַנטלויפט נישט פון אינטעלעקטועלן רעיון און לעשט נישט אויס דעם לאָמפּ פון מחשבה, ווען ער זעצט זיך צום שרײַב־טיש שרײַבן אַ ליד. לאָמיר דערבײַ נישט פאַרגעסן, אַז לאַנגע יאָרן האָבן מיר געהאַט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ שיטה וואָס האָט געפּסלט יעדע אינטעלעקטואַלי־טעט אין דער פּאָעזיע און האָט געהאַלטן אַז אַ ריכטיקער אָרגאַנישער טאַלאַנט דאַרף נישט זײַן צופיל באַהאַוונט מיט דעם וואָס עס שטייט אין די ביכלעך. ספּאַרד האָט, ברוך השם, געוווּסט וואָס עס שטייט אין די ביכלעך און ער האָט אין זײַן פּאָעזיע נישט אויסגעמיטן דעם געדאַנקלעכן עלעמענט. מחמת דעם וואָס ער האָט אין זײַן ליד געגעבן אַ בכבודיק אָרט אויך דעם פּאָעטישן רעיון און נישט בלויז דעם פּאָעטישן בילד און דער פּאָעטישער שטימונג, האָט ער שוין אויך געהאַלטן אַז דאָס ליד מעג און דאַרף זײַן אַן עכאָ, אָדער אַן אָפּשפּיגל פון קאָנקרעטע לעבנס־געשעענישן, וואָס דער דיכטער האָט זיי דורכגעמאַכט אין אַ געגעבענעם מאָמענט און דאָס טאָקע איז געווען דער צווייטער מאָמענט, וואָס איז געבליבן אין זיין שאַפן פון זײַן התחלה אין די יונגע פאַרמאַטיווע יאָרן, ווען ער איז אויפגעטרעטן אויף דער טריבונע פון די "שפּראָצונגען" מיט זײַנע ערשטע לידער און מיט זײַנע ערשטע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן.

דוד ספּאַרד האָט זיך קונה שם געווען, אי אַלס פּאָעט און אי אַלס קריטיקער און ווי איך האָב פריער שוין געזאָגט, אַז ער האָט צום ערשט געגרייכט צו אַ מעמד אין דער ליטעראַטור מיט זײַן קריטיק און דערנאָך מיט זײַן פּאָעזיע. מיר ווייסן, אַז אין זיין קריטיק איז ספּאַרד געווען דאָס וואָס מען רופט אָן: אַן אַנגאַזשירטער קריטיקער, דאָס הייסט: אַ קריטיקער וואָס משפּט פון אַ באַשטימטן שטאַנדפּונקט און נישט תמיד קינסטלערישן, נאָר אויך געזעלשאַפטלעכן און אידעאָלאָגישן. אין זײַן פּאָעזיע איז דוד ספּאַרד שוין ווײַט־ווײַט נישט געווען אַזוי אַנגאַזשירט ווי אין זײַנע אַנדערע שריפטן, אָבער אַ געוויסע אַנגאַזשירטקײַט; אַ באַשטימטע נייגונג צו נעמען שטעלונג צו זאַכן, צו דערשײַנונגען און פאַקטן אין לעבן, — דאָס איז בײַ אים געבליבן ביזן סוף פון זיין שאַפן און דאָס מיינט צו זאָגן אויך ביז דעמאָלט ווען אין זיין אידעאָלאָגיע און לעבנס־באַנעם איז פאָרגעקומען אַ ווענדונג אויף גאַנצע הונדערט אַכציק גראַד.

א סך מאָל האָבן מיר טענות צו געוויסע דיכטער דערפאַר ווײַל זיי גייען צו גיך איבער די גרענעץ פון קאָמוניזם צו ציוניזם. ווער עס האָט פּערזענלעך געקענט דוד ספאַרדן ווייסט אַז דער דאָזיקער איבערגאַנג איז בײַ אים געווען נישט נאָר אַ נאַטירלעכער, נאָר אויך אַ קאָנסעקווענטער און דער עיקר — נישט קיין פּלוצימדיקער. וואָרים ווער עס האָט געקענט ספאַרדן דער ווייסט אַז די ליבשאַפט צו ארץ ישראל איז געווען זיין ערשטע יוגנט־ליבע, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך פון זײַן רבנישער היים. נישט צופעליק האָט ער די ערשטע לידער זײַנע געשריבן און אפילו געדרוקט אין העברעיש. ספאַרדס צוריק קומען קיין ישראל איז, וואָס אַן אמת, געווען אַ קאָנסעקווענץ פון דער צײַט און פון די ביטערע דערפאַרונגען מיט וועלכע דער יידישער גורל האָט אונדז מזכה געווען. אָבער איך מוז צוגעבן און כמעט אַלע, וועלכע האָבן ספאַרדן געקענט וועלן עס צוגעבן, אַז ער איז נישט סתם געקומען צום ישראל־ליד, נאָר ער איז צוריק געקומען צו דער אידעע פון ארץ־ישראל־ליבשאַפט, וואָס האָט אין אים געטליִעט אַ גאַנץ לעבן און האָט נאָר געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען זי, די ליבשאַפט, וועט זיך קענען אויף ס׳בײַ אַנטפּלעקן. זײַן ישראל־ליבע האָט געהאַט טיפע וואָרצלען אין זײַן היים, אין זײַן יוגנט, אין זײַן גאַנצן יידישן געמיט.

דוד ספאַרדן דעם מענטש האָט מען ליב געהאַט, ווײַל אַ חוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ חכם, האָט ער אויך געהאַט שכל און געקענט לעבן מיט מענטשן. ספאַרד, האָט ווי געזאָגט, געשטאַמט פון אַ רבנישער היים. ס׳איז באַוווּסט, אַז ווען איינער וויל באַקומען סמיכה אויף הוראה, מוז ער לערנען די פיר טורים, דעם חושן משפט, דעם אבן עזר, דעם אורח חיים און דעם יורה דעה. דערציילט מען, אַז איין מאָל איז אַ ישיבה־בחור געקומען צו אַ רב און אים געזאָגט אַז ער וויל סמיכה. האָט דער רב אים געפרעגט: האָסט געלערנט אַלע פיר טורים? זאָגט דער בחור — יאָ, כ׳קען כמעט פון אויסנווייניק אַלע פיר טורים. זאָגט דער רב: דאָס איז אָבער ווייניק, ווייל אויב דו ווילסט זיין רב, מוזסטו אויך קענען אַ פינפטן, נישט געשריבענעם טור, דעם טור ווי אַזוי צו לעבן מיט מענטשן. אין אַ צײַט אַרום איז דער ישיבה בחור ווידער געקומען צום רב. פרעגט אים דער רב: נו, האָסטו זיך אויסגעלערנט דעם פינפטן טור ווי אַזוי צו לעבן מיט מענטשן? ענטפערט דער ישיבה־בחור: רבי, נישט בלויז האָב איך אויסגעלערנט דעם פינפטן טור ווי צו לעבן מיט מענטשן נאָר כ׳האָב אויך אויסגעלערנט דעם זעקסטן טור, ווי אַזוי צו לעבן מיט אוממענטשן. ווען איך דערמאָן זיך ווי אַזוי דוד ספאַרד האָט געהאַנדלט אין געוויסע פאַלן בנוגע שרײַבער, וועלכע האָבן אים שלעכטס געטאָן, ווי אַזוי ער האָט זיך נישט נוקם געווען אין זיי, ווייס איך אַז ספאַרד האָט געקענט נישט בלויז לעבן מיט מענטשן, נאָר אַפילו מיט אוממענטשן.

איך וויל פאַרענדיקן מײַנע ווערטער און זאָגן, אַז איצט איז נאָך נישט די צײַט צו מאַכן אַן אַנאַליטישע אָפּשאַצונג און אַ סך הכל פון ספאַרדס פּאָזיציע אין דער יידישער דיכטונג. איין זאַך קען איך זאָגן, זייענדיק זיכער אַז איך וועל נישט ארײַנפאַלן אין דער גוזמא פון ״אחרי מות קדושים״; אויב ס׳איז פאַראַן נוסח

פוילן אין דער יידישער דיכטונג, איז ספּאַרד געווען אַן אַנגעהעריקער צו דעם דאַזיקן נוסח. ער האָט געהערט צו דער דיכטער־חברותא פון יוסף קירמאַן, פון יוסף רובינשטיין, פון משה שימעל, פון קלמן ליס, פון ש. זאַראַמב, פון בער שנאַפּער און נאָך אַנדערע און תמיד ווען מען וועט אין שפּיגל פון דער פּאָעזיע וועלן דערקענען דאָס פּנים פון דער צײַט צווישן די צוויי וועלט־מלחמות אין פּוילן, ווי אויך דאָס געמיט פון יידישן שעפערישן מענטש און די טרוימען און קוועלן פון דעם ייד אין דער שפּעטערדיקער צײַט, וועט מען צוזאַמען מיט די לידער פון די דערמאָנטע דיכטער אויך מוזן אָנקומען און לייענען די לידער פון דעם דיכטער דוד ספּאַרד.

פון אַרטיקל "דוד ספּאַרד ע"ה"

"פאָלק, וועלט און מדינה", נומ' 78־79.

תל־אביב, 1981

**לאָדזש, 1946**



די משפּחה ספּאַרד.

## יעקב צבי שאַרגעל:

# זיין לעצטער שפּאַציר...

### (פון אַרטיקל "דוד ספּאַרדס לעצטער שפּאַציר")

דוד ספּאַרד האָט אין זײַן גימנאַזיע־צײַט אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן לידער אין עברית, אין דער אויסגאַבע פון השומר־הצעיר אין לוצק. זײַן ערשט בוך־לידער אין יידיש איז דערשינען אין וואַרשע, אין 1929, א. נ. "שטאַפּלען". האָט ער שטײַגנדיק אויף די שטאַפּלען פון זײַן ליריק געברענגט צום אויסדרוק זײַן ליבע צום מענטש, צו מענטשלעכער פרײַהײַט, צו דער האַנט וואָס אַרבעט און שאַפט; זײַן מיטפילן די לײַדן און פריידן — זײַנע און דעם כללס, און געוואָרן דער טריבון און אויסדריקער פון זײַן צײַט, אין פאַרלויף פון העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט.

דאָס לעצטע בוך לידער זײַנס, וואָס איז דערשינען מיט בערך צוויי יאָר צוריק אין פאַרלאַג "ישראל־בוך", תל־אביב, טראָגט דעם נאָמען: "שפּאַצירן אין דער נאַכט". טוט דאָרט דער דיכטער אַ זאָג:

און ביידע וועלטן
מיר באַהעפטן דאָן אין איינעם,
זיי זאָלן לעבן צווישן זיך בשלום.
ווי וואָר און חלום,
ווי גנאָר און זינד —
און אַז די נאַכט פאַרשווינדט
בלײַב איך ווידער אויפן וועג
פון די יאָגנדיקע טעג —
מיט קיינעם.

מיט קיינעם ?! —

חזרן מיר איבער דאָס דורך אונדז שוין אַ מאָל געזאָגטע אַז... ווער עס פאַרברענגט און ברענגט־זיך־אום אין די געצעלטן פון דער פּאָעזיע — און דוד ספּאַרד איז דאָך אָן שום ספק איינער פון זיי — ווייסט דעם טעם פון קלאַנג, דעם כישוף פון טראַף, די מיסטעריע פונעם וואָרט און אוודאי און אוודאי דעם מיין, די סעמאַנטיק, וואָס ער אַליין, דער שאַפער, לייגט אין דעם אַרײַן, דערפאַר דער־גרייכט דאָ דוד ספּאַרד, אין אַ גרויסן טייל פון אָט די לידער, צו דער מדרגה פון עכטקייט און העכערקייט.

האָט דער דענקענדיקער דיכטער "שפּאַצירט" מיט זײַן קלאָר וואָרט, אָן אָנגעזאַפּט מיט לירישער אינטימקייט און מיט פילאָסאָפישן כלל־אַריינטראַכט, אַ

באַהויכטער מיט דאַגה פאַרן מענטש און אַ באַזאָרגטער פון זײַן סאָציאַלן באַשטאַנד, ביז ס׳איז געקומען די קראַנקהייט און אים אַפּגעריסן פון אַט דעם הומאַנעם וואָרט זײַנעם, פון אונדז זײַנע לייענערס און קאָלעגן, און אים דערפירט צום ״שפּאַציר״ אין דער נאַכט אַרײַן...

זאָגן מיר מיטן לשון פון מדרש: ווי להאי שופרא — וויי געשריען אַז אַזאַ גײַסטיקע שיינהײַט דאַרף אָוועקגיין פון דער ברויזנדיקער שאַפערישקייט און באַהאַלטן ווערן אין דער ערד.

וויי, און זיבן מאָל וויי!

(פון אַ נישט־געהאַלטן הספּד־וואָרט ביי זיין קבר)

״ישראל שטימע״, 22.9.81

פּאַריז, יוני 1981



אויף אַ פייערלעכער מסיבה געווידמעט דוד ספּאַרד ז״ל אין סאַלאָן פון שרייבער י. פינער (בורשטיין). עס רעדט דוד ספּאַרד ז״ל.
אין פּרעזידיום — לילי בערגער, יוסף קערלער און משה שולשטיין ע״ה.

ש. ל. שניידערמאַן:

# אַ גרויסע אבידה

((אויסצוגן פון אַרטיקל "דוד ספּאַרד — דער שרײַבער און מענטש")

דער טויט פון דעם פּאָעט און עסייאיסט דוד ספּאַרד איז אַ גרויסע אבידה פאַר דער יידישער ליטעראַטור און אַ שווערער קלאַפּ פאַר דעם קרײַז יידישע שרײַבער פון זײַן דור, וועלכע האָבן אין אים פאַרלוירן אַן אויסגעפּרוווטן חבר און אויפריכטיקן פרײַנט אַפילו אין די צײַטן, ווען אידעאָלאָגיש האָבן זיי זיך געפונען אויף קעגנ־געזעצטע פּאָזיציעס.

יעדע באַגעגעניש מיט דוד ספּאַרד האָט אַלע מאָל סטימולירט צו וויכוחים פון אַ הויכער אינטעלעקטועלער מדרגה, סײַ אויפן געביט פון יהדות, וועמענס קוואַלן זענען אים געווען באַזונדערס היימיש, און סײַ אויפן געביט פון די פאַרשידענע סאָציאָלאָגישע און פילאָזאָפישע שיטות. מאַרקסיזם איינגערעכנט.

אין קעגנזאַץ צו אַנדערע יידישע שרײַבער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון הינטערן "אײַזערנעם פאַרהאַנג", האָט ספּאַרד מיט דער גאַנצער אָפנהאַרציקייט גערעדט וועגן זיינע בלאָנדזשענישן און טעותים, פאַר וועלכע ער האָט געצאָלט אַ טײַערן פּרייז — — — —

נישט נאָר אין לידער, נאָר אויך אין אַ לענגערן עסיי א. נ. "די גרויסע אַנ־טוישונג", וואָס ספּאַרד האָט אויף מײַן אַנרעגונג אַנגעשריבן פאַר דעם זאַמלבוך "צוזאַמען" (תל־אביב 1974), פירט ער דורך מיט זיך אַ חשבון־הנפש וועגן די געפּלאַצטע אילוזיעס פון דעם קאָמוניסטישן חלום, וואָס האָט גרויסע שיכטן פון דער יידישער אינטעליגענץ געלאָקט מיט דעם ליגנערישן צוזאָג פון מאַכן אַ סוף צו דער קללה פון אַנטי־סעמיטיזם, נויט און אונטערדריקונג.

ספּאַרד האָט פון זײַן לעבנס־פּנקס נישט אויסגעריסן די בלעטער וועגן זײַנע בלאָנדזשענישן און טעותים, וואָס אַנדערע פּרובירן פאַרשווײַגן. ער האָט זיך בלויז באַמיט אויפקלערן — פאַר זיך און פאַר אַנדערע — ווי אַזוי ער איז געשטויסן געוואָרן אויף די פרעמדע, פאַרפירערישע וועגן פון קאָמוניזם:

איך רוף נישט מיינע יאָרן אָפּ צוריק —
כ׳בין מיט גלויביקע געזאַנגען
דורך פײַער געגאַנגען,
נישט נאָר פאַר אייגן גליק.
און אַז עמעצער פאַרלאָשן האָט די שײַן
אין סאַמע מיט פון וועג

און ס'האָט אויפֿגעגרוילט אַ חושכדיקע צײַט —
צי װעלן שוין דערפֿאַר אין יענער װײַט
נישט בלויען מער קיין טעג,
צי װעט קיין ליכט שוין מער נישט זײַן ?
(„שפּאַצירן אין דער נאַכט", ז. 39)

מײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיט ספֿאַרדן דאַטירט זיך פֿון די 20־קער יאָרן, װען מיר האָבן ביידע באַלאַנגט צו דער רעדאַקציע פֿון דעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „שפּראָצונגען", װאָס איז שנעל פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין דער טריבונע פֿון דעם יונגן דור ייִדישע שרײַבער אין פּױלן. ספֿאַרד האָט אַרום די „שפּראָצונגען" באַװיזן צו שאַפֿן אַ חברישע סביבה, נאָך װעלכער די יונגע שרײַבער פֿון דער פּראָװינץ האָבן געלעכצט אין טומלדיקן, גרויסן װאַרשע. די זעלבע השפּעה האָט ספֿאַרד אויסגעאיבט אין אַלע ליטעראַרישע אכסניהס, װוּ די שטורמישע געשעענישן האָבן אים פֿאַרטראָגן.

אַזוי, למשל, האָט ער אין די דרײַסיקער יאָרן זיך אַרויסגערוקט אַלס רעדאַקטאָר פֿון דעם ערשטן ייִדישן „מאַרקסיסטישן" זשורנאַל אין פּױלן — „די ליטעראַרישע טריבונע", אין װעלכן עס האָט זיך אויך באַטייליקט דער ייִדיש־פּױלישער שרײַבער יצחק דויטשער, װעלכער איז שפּעטער געװאָרן אַ טראָצקיסט און האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זײַנע ביאָגראַפֿיעס פֿון סטאַלין און טראָצקי.

די מלחמה־יאָרן האָט ספֿאַרד דורכגעמאַכט אין סאָװיעטן־פֿאַרבאַנד. ער איז געװען אַקטיװ אין „פֿאַרבאַנד פֿון די פּױלישע פּאַטריאָטן", װאָס האָט אָרגאַניזירט דעם צוקונפֿטיקן קאָמוניסטישן רעזשים אין פּױלן.

נאָך דער מלחמה האָב איך ספֿאַרדן צום ערשטן מאָל געטראָפֿן אין װאַרשע, אין יאָר 1955. ער איז דאָן געװען רעדאַקטאָר פֿון דעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „ייִדישע שריפֿטן" און פֿון דעם פֿאַרלאַג „ייִדיש בוך", װאָס האָט אַנטװיקלט אַ ברייט־פֿאַרצװײַגטע טעטיקייט.

ספֿאַרד איז געװען דער ערשטער צװישן די פֿירער פֿון ייִדישן קולטור־געזעלשאַפֿטלעכן פֿאַרבאַנד, װעלכער האָט געבראָכן די „פּאַרטיי־דיסציפּלין" און זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרשװײַגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין סאָװעטן־פֿאַרבאַנד און אין פּױלן. קורץ נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה פֿון יוני 1967, האָט ער אין זײַן זשורנאַל „ייִדישע שריפֿטן" פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ציקל רעבעלישע לידער, װאָס האָבן געמאַכט אַ רושם אין דער ייִדישער װעלט. דאָס זענען געװען משלים װעגן אַ בער, אַ לייב און אַ כאַפּטע שאַקאַלן. די דאָזיקע פֿאַבעלן האָבן זיך נישט גענויטיקט אין קיין פּירושים, אַז דאָס האָט דער פּאָעט געמיינט די מענטשלעכע בעסטיעס אין די קאָמוניסטישע מאַכט־אַפּאַראַטן, בראש מיטן מאָסקװער קרעמל. דער ייִדישער צענזאָר, װעלכער לעבט ביז הײַנט צו טאָג אין װאַרשע, האָט דאָן באַקומען אַ שאַרפֿן אויסרייד פֿאַר דורכלאָזן די דאָזיקע משלים.

אין דעם זעלבן נומער „ייִדישע שריפֿטן" האָט ספֿאַרד געבראַכט צום אויסדרוק

זיין פעסימיזם וועגן דער צוקונפט פון אַ יידישע שעפערישן צענטער אין פוילן, טראָץ די גרויסע מלוכהשע סובסידיעס. אין צוזאַמענהאַנג מיטן 20־טן יובל פון די "שריפטן" און פון פאַרלאַג "יידיש בוך" וואָס האָט אונטער זייַן רעדאַקציע באַוויזן אַרויסצוגעבן העכער הונדערט בענדער, האָט ער דאַן געפרעגט:

"צי איז מעגלעך צו שאַפן אין פוילן אַ וועלכן עס איז אייגנאַרטיקן אַפשניט אויפן געביט פון דער יידישער ליטעראַטור? צי וועט אין ענדגילטיקן סך־הכל דערפון נישט אַרויסקומען עפעס אַן אומנאַטירלעך באַשעפעניש, אַ ביסעלע פאַר־ווילדט. צוליב דעם זייַן פאַרקלעמט אין די אייגענע דלת־אמות?...".

— — — — — — — — — — — — —

פאַר דעם שווער געפרוווטן פאָעט איז דער אָנקום קיין ישראל געוועזן ווי אַ צוריקקער צו אַ לאַנד, וועמענס ערד ער האָט שוין באַטראַכטן אין אַ ווייט־ווייטן גלגול; אַ לאַנד, ווו עס איז אים היימיש יעדע סטעזשקע און נאָענט יעדער שטיין. די דאָזיקע רעגונגען האָט ספאַרד געבראַכט צום אויסדרוק אין קרעפטיקע, עפּישע סטראָפן:

פון פריסטע תנ"כישע צייַטן,
פון יהושע בן־נון,
האָט בלויז אויף דער דאָזיקער ערד
מיין שפור זיך פאַרהיט.
דאָ גריסן מיך היימיש די ווייטן.
דאָ איז מיר אַ היילונג די זון.
דער הימל מיין תפילה דערהערט
און עס זינגען די פייגל מיין ליד.

אין די סאַמע לעצטע יאָרן פון זייַן לעבן האָט ספאַרד מיט גרויס פשטות באַזונגען די הרי־יהודה, וואָס האָבן זיך געזען פון זייַנע פענצטער אויפן באַרגיקן קרית־יובל, אין ירושלים. עס איז פאַר אים געווען ווי אַ צוריקקער צו די חלומות פון די קינדער־יאָרן, ווען זייַן פאָטער, דער טריסקער רב און גרויסער בעל־תנ"ך, האָט פאַר אים פונאַנדערגעוויקלט די חזיונות וועגן דער אייביקער שטאָט ירושלים:

פון די בערג פון יהודה
דערטראָגט אַן עכאָ זיך פון נאָענט־ווייַטע טריט.
עמעץ פון פאַרצייַטנס מיך בייַם נאָמען רופט.
ווי פון אַ גרויליקער אַגדה
ער לייענט שטיל די שורות פון מייַן ליד
פאַרלאָפענע מיט שרעק און וויי
און אות נאָך אות ער צינדט פון ס'נייַ אין זיי
מייַנע טויזנטער פאַרמעקטע יאָר.

כ׳פאַל צו מיט ליפּן צו דער ערד
און ווייס — זי איז פאַראַן, זי איז וואַר
און בלויז צו איר פון איצטער איך געהער.

**(פון פּאַריזער „אונדזער וואָרט״, אָקט׳ 1981)**

**ירושלים, 1969**



דוד ספּאַרד ז״ל און זיין פרוי ריווע

## שלמה בעליס / וואַרשע

# דורכגעגליט אין פּיין...

און אַט, איך געדענק דעם דאָזיקן שפּעטן אָוונט ווי נעכטן וואָלט עס געשען. איך בין געווען אַליין. עס האָט זיך נישט געוואָלט נישט עפּעס טאָן, נישט עפּעס קלערן, נישט עפּעס לייענען. איך קוק אויף די ביכער־רייען און עס פאַלט מיר אין אויג אַרײַן ספּאַרדס "באַרוועסע טריט" — אַ נײַע לידער זאַמלונג, אַרויס מיט עטלעכע חדשים צוריק. איך האָב זי אָבער נאָך נישט געבלעטערט. לאָמיר אַ לייען־טאָן. ער איז דעם לעצטן יאָר געווען איבערגעשראָקן. אַ געזונטער מענטש, וואָס האָט קיין מאָל נישט געקרענקט, האָט ער זיך מיט אַ מאָל דערפילט "נישט מיט אַלעמען". די אַנאַליזן האָבן באַוויזן אַ געוויסע פאַרגעדיכטקייט פון בלוט. דאָס קען זײַן געפערלעך. ער האָט זיך גענומען זייער אָפּהיטן.

איך עפן דאָס ביכל. אַרום איז אַזוי שטיל, אַז עס פילט זיך ווי די שטילקייט וואָלט זילבערדיק געקלונגען. דער ערשטער ציקל הייסט "שטילקייט". איך האָב גענומען לייענען אַ ליד נאָך אַ ליד, דערשפּירט, אַז זיי גייען אין מיר אַרײַן, גיבן מיך אַפילו אַ כאַפּ פאַרן גאַרגל. עס דערגייט צו מיר דער טאָן, די האַרמאָניע, איך גיס זיך מיט די שורות צונויף אַזאַ רינענדיקע השתפכות:

פאַרטרײַב דעם נעפּל פון מײַן בליק,
די שאָטנס אַרום מיר צעיאָג,
באַווײַז צוריק,
אַז אונטער זיי די זון נאָך וואַכט,
און טאָג איז טאָג
און נאַכט איז נאַכט.

איך האָב געלייענט מיט אויפריכטיקן ציטער. נישט אַלע מאָל איז דער טיטל מחייב. דאָ איז דער נאָמען "שטילקייט" — אַ שליסל.

עס איז עכטע פּאָעזיע. פון זיך צו זיך: — תפילה, רעזיגנאַציע, דעטערמי־נאַציע. מעדיטאַציעס וועגן סאַמע עיקר — וועגן קומען און פאַרגיין, וועגן די סאַמע אונטנס און סאַמע אויבנס. דער גאַנצער ציקל איז אַ געזאַנג מיט אַ קול דממה דקה. דאָס ליד וואָס באַטיטלט דעם גאַנצן ציקל — אָט איז זי:

פון די ימים רייד,
פיר אַרויס מיך

אויף דעם ברעג פון שטילייט,
ווו דאָס וואָרט אַנטשטייט
נישט אין שוים פון באוויזנדיקע כוואַליעס
געטריבענע פון ווינטן,
נאָר אויסגעלייטערט אין די הייכן
צווישן טרויער־וואַלקנס,
ביחידות,
שטילערהייט,
אין טראָפּנס שיין,
און יעדעס אות איז פרייד
און יעדעס אות איז פיין.

עס איז כולו ליריק — קלאָרע, דורכגעהעלטע, אין אַזאַ שלימותדיקער אָפּגעשלאָסענקייט. עס פליסט אַן אונטערערדישער טײַך פון שכחה, עס פאַרשווינדט אַל דאָס טעגלעכע און ווערט צעלאָזן אין קאָסמישן אומענדלעכן אומגעהויער, וואָס "האָט נישט קיין געשטאַלטן / און נישט קיין נאָמען / איז אויסער גוואַלד / איז אויסער רעכט / אויסער גוט און אויסער שלעכט"...

עס איז... און עס ווערט מקוים דער אינעווייניקסטער געבאָט פון דער דיכטונג: "...כ׳הייב אָן דאָרט ווו דער שכל פאַרענדיקט".

דער לאַקאָנישער אַפאָריזם, מיט וועלכן דאָס בוך איז רײַך, קומט נישט פון טרוקענעם קליגלען זיך. עס שפּראָצט ספּאָנטאַן פון דער חכמה פון דער נשמה שוין אַ דורכגעגליטע אין פּײַן, עס איז אַרייגעוועבט אין פּאַטעטישן שטאָף מיט דער סאַמע איבערצײַגנדיקער נאַטירלעכקייט, דערגרייכט צו דערהויבענער און, במילא, צו אַ מין טראַגישער פּשטות, ווי דאָס וואָלטן געווען פּסוקים פון תהילים:

כי אין במות זכרך
בשאול מי יודה לך.

(וואָרעם נישטאָ אין טויט דײַן דערמאָנונג, אין אונטערערד ווער וועט דיר לויבן).

עס איז די פולע רײַפקייט פון גאָלדענעם האַרבסט, נאָך וועלכן עס וועט קומען דער שניי, וואָס פאַרשיט אַלץ, ווי ער וואָלט צוגעדעקט מיט דער ווייסקייט פון תכריכים.

אָט נאָר־וואָס איז געווען פרילינג, ער האָט זיך איבערגעגאָסן אין זאַטן בלאָנדהאָריקן, ראָזעווען, צעפלאַמטן זומער, און אָט זענען שוין די גערעטעניש צוויפגענומען און אַלץ וואָס איז ערשט נעכטן געווען גערויש, און צעכוואַליעט פון ווינטן זעט אויס ווי אַ ווייטע דערמאָנונג, וואָס איז צעריבן געוואָרן. די קרוינען, די גרינע, זענען נאַקעט און אָט בלייבן זיי פּוסט און וויסט — אַ ווייטער עכאָ בלויז...

מיין גאַנצער שכורער אַמאָל
ליגט אדם נאַקעט אויף דער שוועל
און עס שרומפּט זיך איין די צייט.

אַ חשבון־הנפש מיט דער אייגענער פאַרגענגלעכקייט. דו מוזסט מושווה ווערן צו דעם וואָס איז אומפאַרמיידלעך. שווייג. במילא וועט נישט העלפן דיין שרייען, גיב זיך איבער, פאַרגיי צוזאַמען מיטן אומעט אין דיין ברוסט.

אָט דער ווייטיקדיקער פאַרגיין, דער נאַגנדיקער, עלעגישער, איך וואָלט געזאָגט סאַמעטענער טאָן מיט וועלכן עס ווערט געמאַכט דער לעצטער חשבון, האָט ביי ספּאַרדן גאַרנישט צו טאָן מיט דער פילאָזאָפיע פון אַבסורד. דער אַבסורד־געפיל מוז אַנקומען צום חוזק פון די אַלע באַמיאונגען וואָס דער מענטש האָט זיך געמיט. ספּאַרד האָט ליב געהאַט דאָס לעבן און ער האָט געווייטאָגט מיט דער דעטערמינאַציע פון אונטערגאַנג: פאַרשווינדן אויף אייביק!

נישטאָ אין זיין דיכטונג קיין איראָניע, קיין גאַל, קיין ביטערקייט. די דערהויבנקייט הייבט זיך אָן בלויז אין גייסטיקן ליידן, אין גייסטיקן און נישט אין פיזישן, וואָרעם אַ פיזישן ווידערשטאַנד שטעלט אויך דער וואָרעם. בלויז דער מענטש ווייסט פון גייסטיקער דערהייבונג, זיין שטרעבונג צו פרייהייט פון זיין אייגענעם ווערן קומט טראַגיש אום דורך די געזעצן פון דעטערמינאַציע.

איך געדענק: איך האָב איבערגעלייענט דעם גאַנצן ציקל, איינגעזויגן דעם אומעט וואָס איז געפלאָסן פון זיינע שורות צו מיר. עס איז געווען שפּעט, זייער שפּעט. ווייַט נאָך חצות. נאַכט. איך נעם אָן זיין טעלעפאָן־נומער. איך קלינג צו אים. איך מוז אים עפּעס זאָגן. קיין מאָל האָט ער פון מיר קיין גוט וואָרט וועגן זיין שירה נישט געהערט. איך מוז אים איצט זאָגן. אָט שוין איצט, מוז איך אים זאָגן אַז זיינע שורות האָב איך דערפילט, זיי זענען אין מיר אַריין. איך הער אין טרייבל — עס קלינגט דער טעלעפאָן, ער וועקט. ענדלעך הערט זיך אַ שטים. איך דערקען. דאָס איז ריוועטשע, זיין ווייַב.

—וועקט אויף דודן! — בעט איך.

— ער שלאָפט. ער איז מיד געווען, לאָזט אים שלאָפן.

— ניין, וועקט אים אויף, וועקט אים אויף. ער וועט זיין צופרידן.

איך הער אין טרייבל זיין פאַרשלאָפן קול. פאַרשלאָפן און אומרויק: וואָס איז געשען?

— דוד, עס איז געשען. אַ גרויסע זאַך איז געשען, דוד. איך האָב ערשט איצט איבערגעלייענט דעם גאַנצן ציקל „שטילקייט". זיי זענען אַריין צו פאַרבלייבן. עס איז ליריק פון דער ריינסטער מאַרקע. אַ גוטע נאַכט. האָט גוטע חלומות.

*

און אָט איז ווידער נאַכט. איך בלעטער דאָס לעצטע ביכל זיינס, וואָס איז צו מיר דערגאַנגען, ווידער אַ מאָל, ווען ער איז שוין נישטאָ, נישטאָ און וועט שוין מער נישט זיין.

יעדער איינציקער קלאַנג איז געשריי,
בלויז אַלע צוזאַמען געזאַנג —
זיי מוטיק מײַן האַרץ און פאַרשטיי,
פאַראַן אויך אַ זין אין פאַרגאַנג.

די לידער האָבן מיר דאָן געזאָגט: ער גרייט זיך אין קירצסטן וועג וואָס איז דער ווייטסטער. דער ווייטסטער, אין דעם פון וועלכן מען קערט זיך מער נישט אום. ער האָט דורכגעמאַכט ווייטערדיקע גלגולים. זיין וועג האָט געדויערט נאָך 15 יאָר. ער איז געווען, קענטיק, אַבערגלויבעריש, דוד ספּאַרד. ער האָט קיין מאָל נישט אויסגעזאָגט זיינע יאָרן, קיין מאָל נישט אָפּגעמערקט קיין יובילייען. ער האָט נישט געוואָלט אָנשרייבן די לעצטע שורה. און אָט צו 76 יאָר איז דער לעצטער טאָג געקומען — "דער נס פון פאַרגאַנג". די גרענעץ איז איבערגעגאַנגען געוואָרן.

און אָט איז די גרענעץ די לעצטע פון זײַן,
דאָס לעצטע פּאַסיקל שײַן —
אַ טיפער בלוטיקער שניט,
די שאַרף פון אַ חלף
פּראָסטיק צעגליט.
דערנאָך איז שוין גאָרנישט נישטאָ,
פאַרגליווערטע שטילקייט און רו,
צוריקגאַנג פון תיו צו דעם אלף,
ווו ס'לעשן די אותיות זיך אויס,
דאָס וואָרט ווי אַ נעפּל צעקריכט,
דאָס ליכט
קערט צוריק צו זײַן פינצטערער שויס,
און די ערדישע שאָל,
און די הימלען די בלויע
ווערן צוריק ווי אין חומש אַ מאָל —
תהו ובהו.

(פון "פאָלקס־שטימע", וואַרשע)

* * *

**שלום שטערן / מאָנטרעאָל**

# אין ישראל...

נאָך זײַן אַרויסטרײַב פון פּוילן, הויבט זיך אָן בײַ ספאַרדן אַ נײַער פּעריאָד אין זײַן דיכטערישער וועלט. ער איז אַרײַן אין אַ נײַער סביבה. ער איז שוין אַ ישׂראל־תּושב, און אין דער נײַער אַרומרינגלונג, איז נישט אַלץ ווי ער האָט געטרוימט און געהאָפט. ער דערפילט אָבער, אַז דאָ איז — היים. אין אָט דער הייט איז ער מער נישט קיין פרעמדער. ער הויבט זיך אָן אײַנפּלאַנצן אין דעם ישׂראל־לאַנד, ווו זיכערער עס איז זײַן טראָט:

א טראָפּן פרייד אין אַן אייגן הויז
אַ טראָפּן בלויז
אין מערער ווערט
איז פיל מאָל ליבער
פון טײַכן גאַנצע אויף פרעמדער ערד
בײַ רויטע גריבער.

זײַנע פרעכטיקסטע און קרעפטיקסטע לידער זענען, די סעריע "בראשית". אָט די מאָטיוון, זענען עס זײַן נײַער אָנהויב. אין אָט די לידער איז געדאַנק־און־געפיל איין גאַנץ ליריש עמאָציאָנעל פּאָעטיש געוועב.

דאָס ליד "אויף די חומש־וועגן" איז אָנגעהויכט מיט דער שטימונג פון חומש און דער סטיל איז אין פאָרם־נוסח פון שיר־השירים. ווי דער מלמד פלעגט עס אויסזינגען מיט די חדר־יינגלעך. עס איז נישט בלויז חלום. וואָרום אין דער פאַנטאַזיע איז שוין דאָס ארץ־ישׂראל געוואָרן לאַנגסטיקע וואָר, ער איז שוין געווען אי אין לאַנד כנען, אי אין ישׂראל, אַזש "ווען ציונס טעכטער האָבן געטאַנצט און געזונגען דוד׳ס פלאַמיקע לידער". אַזוי האָט ער זיך דאָס אַלץ אויסגעמאָלן:

כ׳האָב לאַנג שפּאַצירט
אויף די חומש וועגן
אין אַ מילדן ליכטיקן פרימאָרגן.
די פײַגן אויף די פײַגנבוימער
האָבן שוין געצײַטיקט.
די שטים פון טערקלטויב
האָט געהערט זיך אין דער לופטן.

דוד ספּארד באַנוצט זיך נישט מיט קיין צופיל מעטאַפאָרן, מחמת, ווי אַ געניטער מײַסטער פון דיכטערישע פּערזן, ווייסט ער, אַז צופיל און איבערגעטריבענע מעטאַפאָריק, רײַסט גאַנץ אָפט איבער דעם ריטעם פון אַ ליד, און צעשטערט די האַרמאָניע פון די פּערזן. דעריבער בויט ער נישט אַרײַן קיין סתם מעטאַפאָרן און טרײַבט נישט איבער מיט אימאַזשן און סימבאָלן. ער רעדט דירעקט אין דורכגע־טראַכטע, אין טיף־עמאָציאָנעלע סטראָפן, וווּ יעדער אַרײַנגעוועבטער מעטאַפאָר און אימאַזש מאַכן בילדלעכער און קלאָרער דאָס ליד. אין די ישראל־לידער איז ער נישט בלויז אַ באַזינגער, ער דערהויבט זיך אָפט צו דער מדרגה פון ווערן איר זינגער — דער זינגער אין טרויער, אין געבעט און אין אויפלויכט פון פרייד:

עס איז מיר ליב דײַן ערד  
מײַן זוניק לאַנד.  
שוין זייער לאַנג  
אַז ס׳איז מײַן שטילער טרוים געווען  
מיט מײַנע ליפּן זי באַרירן.  
עס זאָל מיר זײַן באַשערט  
מיט מײַן געזאַנג  
אַ באָרוועסער אויף אירע זאַמדן גיין  
און מיט מײַן לײַב איר הייסן גוף דערשפּירן,  
אַז איר אָטעם  
זאָל דער ריטעם פון מײַן האַרצן ווערן  
און איר קראַפט  
זאָל מײַן מחשבה נערן.

עס איז אַ ווייטיק, וואָס דער טויט האָט אַזוי פרי איבערגעריסן דעם פאָדעם פון זײַן רײַך־שעפעריש לעבן. נישט אויף לאַנג האָט ער אויפן וואָר, זיך אָנגעשעפּט מיטן ליכט פון איר ״אָטעם, וואָס זאָל ווערן דער ריטעם פון זײַן האַרצן, און איר קראַפט זאָל זײַן מחשבה נערן״. ער האָט געבעטן, אַז נאָכן טויט זאָל ער ״אין איר ערד פאַרוועבט ווערן אין אירע אַלטע הייליקע געוועבן,

זאָל ווידער ווערן איינס  
אין שטח און אין צייט —  
מיר זאָלן ווערן אייביקייט״.

פאַרפלאַנצט אין דער אייביקייט וועט ער זײַן מיט זײַן דורכגעפיבערט, פּאָעטיש ליד.

**פון זיין אַרבעט ״דער דיכטער דוד ספּאַרד״**

**(״מאָרגן־פרייהייט״ פאַרן 15 נאָוו׳ 1981, ניו־יאָרק)**

**יעקב בעקער** — רעדאַקטאָר פֿון "ישראל שטימע":

## ער וועט אונדז פעלן...

די ידיעה האָט מיך טיף דערשיטערט: דוד ספּאַרד איז אַוועק פון אונדז.

אָט דער דאַזיקער גוטהאַרציקער מענטש, דער גײַסטרײַכער שרײַבער מיטן שטענדיקן אַזוי וואַרעמען שמייכל אויפן פּנים, איז מער נישטאָ.

און דאָס אַוועקגיין זײַנס שאַפט אַ חלל אין אונדזער יידיש־ליטעראַטור.

ס'זענען דאָך אונדז געבליבן אַזוי ווייניק שעפערישע כוחות.

און דוד ספּאַרד איז געווען נישט בלויז אַ באַגאַבטער שרײַבער, ער איז אויך געווען אַ וואַרעמער פרײַנד און ליבער חבר.

ס'איז אַזוי גוט געווען זיך צו באַגעגענען מיט אים און כאַפּן אַ פרײַנטלעכן שמועס.

ער וועט אונדז פעלן — דוד ספּאַרד.

ער וועט בלויז בלײַבן שטענדיק אין אונדזער זכרון.

**"ישראל שטימע", 22.9.81**

## אברהם ליס

## וועגן די ירושלים־לידער פון דוד ספּאַרד

זײַנע ישראל־לידער זענען בעיקר לידער וועגן ירושלים. אָט די לידער זענען אינטערעסאַנט ניט בלויז מיט זייערע וויזיעס און מיט זייער אייגנדיקער שטימונג, נאָר אויך מיט זייער פּייסאַזש. דער ירושלימער פּייסאַזש, ווען אפילו עס גלימערט גאָר אָפט אין זיי דער עלנט פון אַ יידישן פּאָעט, איז אָבער פאַרט מנצח די העלקײַט פון ירושלים, דער ליכטיקער ירושלימער הימל, די אייביקײַט פון דער שטאָט, וואָס פילט אָן מיט גלויבן און בטחון...

**(פון דעם אַרטיקל וועגן דוד ספּאַרד "די גאָלדענע קייט", נומ' 106)**

## מרדכי חלמיש

# לחשבון עולמו של משורר יהודי מפולין

... ביטער אָבער געוואָגט איז געווען דער חשבון־הנפש פון דוד ספאַרד ווען ער איז געשטעלט געוואָרן קעגן דער פּילקעפּיקער חידרע, וואָס האָט געצישעט יידן־שנאה און האָט איר טויטלעכן גיפט אָנגעווענדט אויך אין די יאָרן פונעם קאָמוניסטישן רעזשים, ווען ער האָט זוגעזאָגט לייזן די יידן־פראַגע צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פון דער, אין יסורים זיך ראַנגלענדיקער, מענטשהײַט.

נישט לײַכט איז אים געווען צו פאַרלאָזן הינטער זיך די פּוילישע ערד ,די ערד וואָס האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך דאָס בלוט פון זײַנע מיליאָנען ברידער, ווו ס'האָבן זיך געשפּרייט די קברים פון צענטליקער דורות יידן, וואָס זענען איצט געבליבן פאַריתומט אָן אַ שומר, ווי ער זאָגט דאָס אין איינע פון זײַנע לידער פון יענע טעג. זיבנפאַכיק שווערער איז אים געווען דער דאָזיקער שריט ווײַסנדיק, אַז טויזנטער יידן האָבן אין אים במשך פיל יאָרן געזען זייער לערער און מדריך, בעת איצט דאַרף ער זיך פאַר זיי מתוודה־זײַן און זאָגן, אַז זייער גאַנג ביז איצט האָט באַנקראָטירט, אַז אַלע זייערע ראַנגלענישן לײַדן און קרבנות זענען געווען אומזיסט; דאָקעגן דער ציוניסטישער גאַנג, דער וועג, קעגן וועלכן זיי האָבן אַלע יאָרן געקעמפט מיט אַפּפערוויליקײַט, אָט דער וועג גאָר, האָט געזיגט און דאַרף אָנגענומען ווערן אַלס איינציקע לייזונג פאַר דער יידישער פּײַן.

ניין, נישט לײַכט איז געווען די אָנטשיידונג פון דוד ספאַרד. בפרט אַז ער האָט כלל נישט בדעה געהאַט צו אויסבאַהאַלטן די אינערלעכע ראַנגלענישן זײַנע מיט זיך, מיט זײַן עבר, מיט זײַן אַנטוישונג אינעם גלויבן פון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. מיט גרויס אויפריכטיקײַט האָט ער זיך באַמיט דאָס אַלץ אויסצודריקן אין די צענטליקער לידער פון זײַנע צוויי לידער־זאַמלונגען וואָס זענען דערשינען דאָ, אין ישראל: "ברענענדיקע בלעטער" (מנורה, ת"א, תשל"ב, 1972) און "שפּאַצירן אין דער נאַכט" (ישראל־בוך, ת"א, תש"ם, 1979).

געווען אָבער עטלעכע פאַקטאָרן וואָס האָבן אים געהאָלפן אין די דאָזיקע אינערלעכע געראַנגלען, ער זאָל נישט פאַלן אונטער אָט דער שווערער לאַסט וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. ווי געזאָגט, איז ער געווען אַ געוואַגטער דיכטער מיט אַ ריין געוויסן און זײַן געוויסן האָט אים נישט דערלויבט צוריקצוציִען זיך אויף פונעם ביטערסטן אמת. און היות ווי ער האָט גענומען אויף זיך דעם אמת האָט ער געוווּסט, אַז ער דאַרף אויך אויף זיך נעמען דעם פּערזענלעכן איבערגאַנג פון אַ בכבודיקן מעמד ווי אַ פירנדיקע פּערזענלעכקייט אין זײַן אַפּשטאַם־לאַנד,

פאַר וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן זײַן גאַנץ לעבן, צום סטאַטוס פון אַ נײַעם עולה אין מדינת ישראל, ווו ער דאַרף אַלץ אָנהייבן פון בראשית, און דאָס בײַ זײַן עלטער און בײַ אָפּגעשוואַכטע פיזישע כוחות. ווי אַ קינסטלער איז ער געווען אַ בעל־חלומות, אָבער ווי אַ גײַסט־מענטש איז ער אויך געווען אַ רעאַליסט וואָס ווייסט גוט ווי צו וועגן און מעסטן דעם באַלאַנס פון די פעלערן און דעם יאוש פון נעכטן קעגנאיבער דעם באַלאַנס פון נײַער אמונה און האָפענונג וואָס איז פאַרבונדן מיט זײַן מאָרגן און מיטן מאָרגן פון זײַן פאָלק אין מדינת ישראל.

און אחרון־אחרון חשוב: ער איז געווען אַ באַצויבערנדיקער מענטש אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, אַ חבר און וווּנדערלעכער מיטשמועסער, וואָס האָט, אומעטום און צו יעדער צײַט, געוווּסט צו דערוואַרבן טרײַע פרײַנט, און זיי האָבן אים, ווי ווײַט מעגלעך, פאַרלײַכטערט די חבלי קליטה. ער איז אויך געווען אַן אָפּטימיסט בנאַטור, — אַ קלוגער און פאַרשטאַנדיקער מענטש, וואָס האָט פּאָזי־טיווירט דאָס לעבן. און באמת, אויך פון אונטערן צודעק פון טונקעלע וואָלקנס און דורכפאַל, האָט זיין בליק זיך דורכגעבראָכן און שטענדיק דערזען די פונקען פון האָפענונג און די שטראַלן פון ליכט.

(פון אַן אַרטיקל אין „על המשמר" דעם 16טן אָקט' 1981)



# מאָטל סאַקציער

## פון אַ נעקראָלאָג

אין דאָזיקן בוך (״שפּאַצירן אין דער נאַכט״) האָט ער אומרויק, פאַלקסטימלעך, פשוט, אוממיטלבאַר, נישט זוכנדיק קיין פאַרמעל קינסטלערישע עפעקטן, אויס־געשפּונען נאָך פינקטלעכער, אויסדריקלעכער, ליריש־עמאָציאָנעלער ווי אין אַ ווידוי, זיין חשבון מיט זיך און זיין חשבון מיט יענער וועלט פון וועלכער ער איז אַוועק אַ באַליידיקטער, פאַרשטויסענער, אַנטוישטער. אַרומגייענדיק אין זײַנע נאַכט־שפּאַצירן אין זײַן אויסגעבענקטער שטאָט, וועט ער אַליין זיך פרעגן אַ דערשטוינטער: ״צי די אַלע פאַרשאָלטענע יאָרן / וואָס גלײַען ביז הײַנט אין זכרון / ווי אָפענע ווונדן / זענען טאַקע געווען און פאַרשווונדן / צי זיי האָבן זיך מיר בלויז געדאַכט...״

עד האָט פאַרמאָגט אַן איבערפלוס פון אינטעלעקטועלער ענערגיע און האָט זי אויסגעלאָדן אין פאַרשיידענע געביטן פון טעטיקייטן, געזעלשאַפטלעכע און שעפערישע. געווען רעדאַקטאָר פון ליטעראַרישע טריבונעס, פאַרוואַלטער פון אַ פאַרלאַג, געעצהט, דערמוטיקט יונגע שרײַבערס און געשריבן — עסייען, ליטע־ראַטור־קריטיק און לידער און אויף אַלץ איז געלעגן דער חותם פון אַחריות, ערלעכ־קייט, ליבשאַפט, וויסן.

איך ווייס נישט צי ער האָט געשריבן לײַכט זיינע סטראָפן. נאָר די לידער זײַנע פליסן זאַכט און לינד אין די ברעגעס וואָס ער האָט זיך אָנגעצייכנט. די מחשבה וואָס האָט תמיד אַרויסגערופן זיין ליד איז צונויפגעגאָסן מיט זיין ערלעך געמיט, וואָס עפנט זיך אויף ביזן דנאָ פון זײַן נשמה, אָן מורא צו אַנטבלויזן זיינע ווונדיקע פעלערשריט, בלאָנדזשעניש, ווען ער האָט ווערטער ״ווי לוחות אין האַרצן געטראָגן״, אָבער ווערטער האָבן פאַרפירט: ״אונטער הייליקן ניגון / פאַרבאָרגן דעם ליגן, / די גזילות, געוויקלט אין סאַמעט־געוועבן, / און די מאָרדן / באַהאָנגען מיט גילדענע אָרדנס — / טאָ זאָלן זיי איצט אין מיין ליד / ביי אַלעמען בעטן פאַרגעבן״...

— — — — —

רעאַל, ממשותדיק האָט ער דערפילט זיין וועלט ווען ער האָט זיך צוריק מיט צוועלף יאָר אַרויסגעריסן אַהער, אין היימלאַנד וועגן וועלכן מע טרעפט שוין אַלערליי רמזים אין לידער געשריבענע נאָך דאָרטן. נישט קענענדיק פאַרגעסן די עוולות אויסגעשטאַנענע דאָרט, האָט ער מיט אַ נייעם אימפעט און באַגייסטערונג גענומען באַזינגען דאָס באַשערטע היימלאַנד וואָס איז טאַקע קליין און איינגע־

שרומפן, נאָר ״ס׳איז יעדער שפּאַן ערד געפּפלט אויף טויזנטער יאָרן / נישט אין דער ברייט דאָ קען זיך צעוואַקסן מיין שורש / אין דער טיף שלאָגן ליכטיקע קוואַלן / איך בין זייער יורש״.

זיין איינגעשוויגן גייסטרייך און ערלעך קול וועלן מיר פילן אין אונדזער ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

(״צוויי אבדות״ — פאָלקסבלאַט, 4, נאָוועמבער 1981)

* * *

**דער לעצטער כתב-יד פון דוד ספאַרד...**

[illegible]
[illegible]
[illegible]
[illegible]

* * *




## מאיר חרץ

### מיין דור גייט אַוועק...

מייַן דור גייט אַוועק אויף אַן אמת,
דער איינציקער אמת, קאָן זייַן,
דו פֿרעגסט נישט אַפֿילו וועמעס
דער אמת איז — מייַנער און דייַן.
גאָלד און זילבער לאָזט מען שטיין
און אַז מע רופֿט, דאַרף מען גיין.

מיר האָבן געזאַמלט אין ביכער
דאָס בלוט פֿונעם האַרץ אין זייַן שטראָם,
מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר זיכער
די ביכער — דעם לעבנס-אַלבאָם.
גאָלד און זילבער לאָזט מען שטיין
און אַז מע רופֿט, דאַרף מען גיין.

מיר האָבן פֿאַרזאָרגט זיך מיט פּלעצער
אין פֿעלד, מיט מצבה-שטיין,
סע בלייַבן די ביכער ווי קלעצער,
ניטאָ ווער סע זאָל זיי פֿאַרשטיין.
גאָלד און זילבער לאָזט מען שטיין
און אַז מע רופֿט, דאַרף מען גיין.

ירושלים, יאַנואַר 1979

## נישט גרינג

ס׳האָט זיך מײַן קאַפּריזער ווילן
ווידער שוין צעשפּילט,
וויל איך אים מיט נאָדלען שטילן,
ביז ער ווערט מיר אײַנגעשטילט.

וויל איך אים מיט נאָדלען שטעכן
און צעברעכן דעם קאַפּריז
זיך צו קײַקלען אויף די בלעכן
פֿון די דעכער פֿון פּאַריז.

זיך צו בראָטן אויף די שטיינער
פֿונעם קלויסטערישן רוים,
ביז מע ברעכט אים אָן די ביינער
מײַן קאַפּריז, וואָס זשיפּעט קוים.

ביז מע שטעכט אים אויס די אויגן
אויף די גאַסן פֿון מאַדריד,
וויל ער זיך פֿאַר קיינעם בויגן
מײַן קאַפּריז, דער אַלטער ייִד.

ר׳קאָן זיך אויכעט נישט צעשיידן
מיטן פּראָשע-פּאַנאַ-לאַנד,
כאָטש וואָס העלפֿט זײַן פּויליש ריידן
און מיצקעוויטש אויף דער וואַנט ?

און וואָס העלפֿט זײַן רוסיש קענען,
קענען גוט די דײַטשע שפּראַך ?
אין די בלינדע אויגן ברענען
אויוונס, ווען דער טייוול לאַכט.

דרייט ער זיך אַרום אַ בלינדער
אויף די גאַסן פֿון ניו-יאָרק
און ער פּלאָדיעט אָן דאָרט קינדער
פֿאַר מזומן און אויף באָרג.

אַרבעט דאָרט בײַ פּרעסן העמדער,
גיט די קינדער אויס צו לײַט,
ביז זיי שטעלן זיך ווי פֿרעמדע,
זײַנע קינדער, אין אַ זײַט.

טרעף איך אים אַליין אין דרויסן,
קוק זיך אום אין אַלע פֿיר,
ס׳איז נישט גרינג דאָך אָפּצושטויסן
אַ קאַפּריז, וואָס לעבט מיט דיר.

ניו-יאָרק, מאַי 1981



## רחל בוימוואָל

### צ י י ט

— גערווידמעט דוד ספּאַרדן
זײַן ליבטיקן אָנדענק.

ס'איז גוט אויף געסט צו ריכטן זיך!
... ס'איז אַלץ נאָך, ווי געוועזן.
כ'וועל טיי באַלד צושטעלן, פֿון קיך
אַרייַנטראָגן די גלעזער ...

דערהערן כ'וועל אַ גלעקל-קלאַנג,
אַרויסגיין אײַך אַנטקעגן,
און תיכּף וועט אַוועק אַ גאַנג
פֿון ענטפֿערן און פֿרעגן.

און ווי צוריק מיט צען ערשט יאָר,
— מע וועט זיך אַלע פֿרייען
עס האַלט זיך פֿעסט נאָך אונדזער דור,
כאָטש טעג און נעכט פֿאַרגייען.

דערווײַלע נאָך מײַן טאַטע לעבט,
מיר פּרוּוון זײַן נאָך מונטער.
נאָר פּלוצים הער איך, פֿון די טרעפּ
פֿאַלט עמעצער אַרונטער!

— איך לויף אַרויס און טו אַ קוק,
ס'נעמט וואַרפֿן מיך אין פֿיבער.
עס ליגט אַ טויטע אויפֿן ברוק
די צײַט, וואָס איז אַריבער ...

## מיין נעבטיק לעבן

איך קלאַפּ אין דער טיר פֿון מײַן נעבטיק לעבן.
נאָר עמעץ זאָל דאָרט אַ ריר זיך כאָטש געבן!

ניט אַנדערש מע האָט זיך געגעבן אַ נדר
מע זאָל ניט אַרויסגעבן גאָרניט פֿון חדר.

און ווער אין מײַן דימיון בײַם טיש איז געזעסן,
געבליבן איז זיצן און אויפֿשטיין פֿאַרגעסן.

און ווער ס'האָט געלאַכט, האָט נאָך — טאַטעלע ליבער! —
דאָס מויל ניט פֿאַרמאַכט, ווי די צײַט איז אַריבער.

מײַן נעבטיק לעבן אַנשטומט איז, אָן לשון.
ס'האָט הינטער דער טיר די שײַן זיך פֿאַרלאָשן.

מײַן נעבטיק לעבן, וואָס שווײַגט עס, ווער ווייס אים?
דאָרט הינטער דער טיר זײַנען אַלע שוין מתים!

איך קלאַפּ אין דער טיר, נאָר איך ציטער אַ צי טאָן —
מע זאָל ניט אַריינשלעפּן מיך אויך אין מיטן...

* * *

## זיאַמע טעלעסין

### דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן

דוד ספּאַרדן ז״ל

סאַראַ יומטובדיקער הימל
איבער אונדז דאָ אינדערוואָכן!
אין אַזאַ מין שיינעם הימל
דאַרפֿן אומשוועבן מלאכים
און מלאכימדיקע קינדער
מיט די קניִעלעך די רונדע...
זענען מיר אין גאַנצן בלינדע,
וואָס מיר זעען ניט גאָטס וווּנדער?

נאָר איך הויב ניט אויף די אויגן,
אויפֿן האַרצן פֿינצטער איז.
כ׳האַלט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן
און איך קוק אונטער די פֿיס.

### די זון איז פֿאַרגאַנגען

די זון איז פֿאַרגאַנגען אַהינטערן באַרג,
דאָס ליכט פֿונעם טאָג אויסגעטשאַדעט.
און טאָמער פֿאַר איר איז געוועזן דאָס קאַרג, —
איז אונטערגעצונדן זי האָט נאָך דעם באַרג
און אַ האַלבן הימל אוודאי.

די שריפֿה האָט אָבער געדויערט ניט לאַנג,
ווען ס׳האָט מיך די חשכות פֿאַרהאַנגען, —
איז האָט זיך צעזונגען אין מיר אַ געזאַנג:
— ס׳איז מיר צו פֿאַרגיין שוין געבליבן ניט לאַנג,
אַזוי ווי די זון איז פֿאַרגאַנגען.

# לזכרון

## ירושלים

די לעצטע 12 יאָר פון זיין לעבן איז דוד ספאַרד בלב ונפש באַהעפט געווען מ־ט דער הייליקער קרוינשטאָט פון יידישן פאָלק. ווו ער זאָל זיך נישט געווען געפינען איז ירושלים פאַרבליבן ביי אים די שטאָט פון זיין בענקשאַפט, די שטאָט פון זיין ליבשאַפט. דאָ האָט ער געלעבט צוזאמען מיט זיין ריוועז, נחת געהאַט פון קינדער און אייניקלעך . . . אין צענדליקער לידער און עסייען האָט ער באַזונגען די רוחניות און שיינקייט פון אַלט־נייעם ירושלים. דער יידיש־ און נישט נאָר דער יידיש־ריידנדיקער עולם האָט ליב געהאַט צו הערן זיינע גייסטרייכע אַרויסטרעטונגען און ליטעראַרישע רעפעראַטן. מיט לייב־און־לעבן איז ער געווען אַריינגעטאָן אין דער קולטור־על־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט סיי פון "צוותא ביידיש", וועמענס מיטגרינדער ער איז געווען, סיי פון דער היגער קולטור־געזעלשאַפט. ער האָט זיך אויך און באַזונדערס אויסגעצייכנט אַלס מיטגרינדער און מיט־רעדאַקטאָר פון "ירושלימער אַלמאַנאַך".

דער גרויסער זאַל פון "תל אור" איז איבערפולט געווען צו די שלושים פון אונדזער בן־עיר, דעם שרייבער דוד ספאַרד ז"ל. די טרויער־אַקאַדעמיע האָט געעפנט און ווייטער געפירט דער באַקאַנטער יידישער שרייבער און תלמיד חכם הרב **אברהם ביק**. ס׳קלינגט דאָס פּאָעטישע וואָרט פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער אין די רעציטאַציעס פון דער באַוווסטער בינע־קינסטלערין **הדסה קעסטין**; פאַר און נאָך יעדער אַרויסטרעטונג באַגלייטן זיי אונדז, די לידער זיינע . . . **מיכאל בן אברהם** — דער ראַדיאָספיקער און יידיש־רעדאַקטאָר פון קול ישראל לייענט פאַר די עקספּרעסיווע הזכרה־ווערטער פון שרייבער **עלי שעכטמאַן** (דער פולער טעקסט דרוקט זיך אין דער ניו־יאָרקער איקוף־אויסגאַבע "יידישע קולטור").

דיכטער **מאיר חריץ** טרעט אַרויס אין נאָמען פון דער ירושלימער יידישער שרייבער־גרופּע און פון אונדזער רעדאַקציע. (זיין וואָרט דרוקט זיך אין איצטיקן אַלמאַנאַך־נומער).

דער קולטור־טוער און איבערזעצער **מאַקס מעלמאַן**, שילדערט דוד ספאַרדן ווי אַ שרייבערישע פּערזענלעכקייט וואָס פאַרנעמט אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער הייננטצייטיקער יידישער ליטעראַטור, ווי אַן אַלזייטיקן קולטור־מענטש, וואָס האָט מיט זיין מינדלעך און שריפטלעך וואָרט באַווירקט און סטימולירט צו שעפערישקייט אַ גאַנצע רייי וויכטיקע שרייבער פון זיין דור. ער איז געווען, זאָגט דער רעדנער, אַ מורה דרך און אַ מורה צדק פאַרן יידישן שרייבער.

דער גאַסט־רעדנער פון ניו־יאָרק, — שרייבער און זשורנאַליסט **ש. ל. שניידערמאַן**, דערציילט וועגן זיין לאַנג־יאָריקער פריינד־

שאַפט מיטן פאַרשטאַרבענעם, אַנהייבנדיק פון דעם יוגנט־זשורנאַל "שפּראָצונגען", וועלכן זיי האָבן צוזאַמען אַרויסגעגעבן און רעדאַגירט סוף צוואַנציקער יאָרן אין פּוילן... דעם פּולן פּאָעטישן תּיקון, די רייפסטן שע־פערישקייט פון זיין טאַלאַנט האָט דער דיכ־טער דערגרייכט נאָך זיין עליה קיין ישראל; זיין עליה האָט ער געשפּירט ווי אַ צוריק־קער צו אַ לאַנד, ווו ער איז שוין געווען אין זיין פריערדיקן גילגול. דערמאָנענדיק מיט ווייטיק די גרויסע אבדות פון דער יידישער ליטעראַטור, באַזונדערס פאַרן לעצטן יאָר אין וועלכן סע זענען אַוועק פון אונדז דער פּרוכטבאַרער פּראָזע־מייסטער בנימין שלע־ווין, דוד ספּאַרד און לעצטנס אויך דער אויסגעצייכנטער דיכטער משה שולשטיין, באַטאָנט ש. ל. שניידערמאַן, דאָס בשותּפות־דיקע אין זייער לעבנס־גורל: "אַלע דריי זענען דורכגעגאַנגען די ביטערע יסורים פון אַנטוישונג אין דעם דעגענערירטן, פאַר־גרעבטן קאָמוניסטישן רעזשים, וואָס האָט זיי געהאָט פאַרבלענדט מיט די צוזאָגן וועגן אַ וועלט פון פרייהייט, יושר און שלום"... און ווייטער: "שטאַרבט אַ יידישער שרייבער — בלייבט ליידיק זיין שטענדער. דוד ספּאַרד איז אַוועק פון אונדז. צי וועט קומען אַ יורש פאַרנעמען זיין אָרט?..."

"אַ שניירל פּערל" — אַזוי האָט אָנגערופן פּראָפעסאָר גרשון ווינער די אויסגעקליבענע דורך אים פאַרשידענע לידער און פּערזן אין דער פּאָעזיע פון דוד ספּאַרד. דער עולם הערט שטילשווייגנדיק די מוזיקאַליש־דורכ־זיכטיקע סטראָפן אין וועלכע סע שפּירט זיך די ליידנשאַפטלעכע מחשבה און ס׳קלאַפּט דאָס לעבעדיקע האַרץ פון דיכטער. דער רעדנער דערציילט וועגן גוואַלדיקן איינדרוק וואָס עס האָט געמאַכט איינע אַ ליד פון דוד ספּאַרד, ווען זי איז צוריק מיט 14 יאָר איבערגעדרוקט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע פון אַמעריקע — דאָס איז געווען דער באַרימטער בייסיקער משל, וואָס דער דיכטער, זייענדיק נאָך אין פּוילן האָט שטאַלץ אַ שליידער געטאָן אין פּרצוף פון די סאָוועטיש־פּוילישע הערשער, אַלס ענט־פער אויף זייער צעיושעטער אַנטיסעמיטי־שער פּאַגראָם־פּראָפּאַגאַנדע, בשייכות מיט דער זעקסטאָגיקער מלחמה... דאָס ליד האָט געהייסן "שאַקאַלן" פאַרעפנטלעכט אין לעצטן נומער "יידישע שריפטן", רעדאַגירט טאַקע פון דוד ספּאַרדן. ווי טרעפלעך און לאַקאָניש ווערט אין יענעם משל, דע־מאַסקירט דאָס אַנטי־יידישע געוואַי אַרום דעם וואָס די "שאַקאַלן ווערן, נעבעך, פון די ציגעלעך באַפאַלן"...

ס׳איז היינט נישט קיין טרויער־אָוונט, זאָגט ווייטער פּראָפעסאָר גרשון ווינער, נאָר אַן אָנדענק־אָוונט פול מיט דאַנק־באַרקייט פאַר דעם דיכטער און מענטש דוד ספּאַרד, וואָס האָט געפונען תּיקון, גלויבן, המשך, תּוכן און יצירה דאָ, אונטער די לבנהדיקע, אויסגעשטערנטע הימלען פון ירו־שלים, בעת זיינע ראָמאַנטישע שפּאַצירן אין דער נאַכט.

## תּל-אביב, בית-לייוויק

דאָס תּל־אביבער לייוויק־הויז ווערט מיט רעכט באַצייכנט אַלס היים פון יידישן שריי־בער, זשורנאַליסט, קינסטלער. נישט נאָר אין מדינת ישראל, אויף גאָר דער יידישער וועלט איז בית־לייוויק באַוווסט מיט זיינע ברייט־צעצווייגטע קולטור־טעטיקייטן.

דוד ספּאַרד ז״ל האָט אין דעם דאָזיקן היימלעכן יידיש־אינדזל געזען אַן אָפּשיין און, אין אַ געוויסער מאָס, המשך פון באַ־

רימטן ליטעראַטן־הויז אויף טלאָמאַצקי 13, פון דער פאַרמלחמהדיקער וואַרשע.

אויף די בינע־ברעטער פון דאָזיקן הויז האָט די ליטעראַטן־משפחה פון ישראל האַר־ציק מקבל פנים געווען דעם דיכטער, ווען ער איז עולה געווען אין יאָר 1969. נישט איין מאָל זענען דאָ שפּעטער פאָרגעקומען ליטעראַרישע אָוונטן און אימפּרעזן לכבוד דעם דיכטער און זיינע ווערק. אָבער פיל מער איז דוד אַליין אַרויסגעטראָטן מיט זיינע רעפעראַטן און שטודיעס וועגן אַנ־דערע שרייבער און זייערע ניי־דערשינענע ווערק. דער נאָמען פון דוד ספאַרד אויף די אַפישן האָט שטענדיק ווי אַ מאַגנעט גע־צויגן אין לייוויק־הויז אַ גרעסערן עולם...

דעם 5טן אָקטאָבער 1981 זענען געקומען אַהער זיינע פאַראַבלטע שרייבער־קאָלעגן, פילצאָליקע פריינד און חברים און נאָך מער פאַלקס־מענטשן, טרייע יידיש־לייענער און ליבהאָבער פון אונדזער מאַמע־לשון.

דעם טרויער־אָוונט האָט געעפנט דער רעדאַקטאָר און באַוווסטער ראָמאַניסט מרדכי צאַנין, וועלכער האָט געזאָגט אַז ספאַרדס פּאָעזיע געהערט צו האַרץ און צו ליב־שאַפט. ער האָט גערעדט וועגן פאַרשטאַרבע־נעם נישט בלויז ווי וועגן אַ קאָלעגע נאָר בעיקר וועגן אַ מיטמענטש אין אַ האַרצ־לאָזער וועלט, אַ מענטש, וועמענס "ליכטי־קייט עס שטראַלט נאָך אַלץ אַרויס צו אונדז"...

ס'טרעט אַרויס דער שרייבער, רעדאַקטאָר פון "ביי זיך" — יצחק יאַנאַסאָוויטש פון וועמענס רייד מיר דרוקן אַ גרעסערן אויס־צוג אין היינטיקן אַלמאַנאַך־נומער.

ליידנשאַפטלעך און פול צער איז דאָס אויפטרייסלענדיקע וואָרט פון דיכטער בינם העלער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט ספאַרדן, די זעלבע עטאַפּן פון נע־ונד בעת די מלחמה־יאָרן און שפּעטער אין לאָדזש און אויף די חורבות פון וואַרשע. ער רעדט וועגן דודן ווי וועגן איינעם פון די בולטסטע געשטאַלטן אין קולטור־געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון פּוילן, וועגן זיין ערשטן בוך אין ישראל "ברענענדיקע בלעטער", אַז "דאָס איז אַ טיפע פּילזייטיקע אַסאָציאַציע פאַר דער צייט און פאַר די געשעענישן. דאָס איז דער טרויעריק־באַקאַנטער ריח פון ברענענדיקע בלעטער — דעם ריח, וואָס מיר האָבן געשפּילט בעת די נאַצישע היטלער־שייטערס און שפּעטער, ווען מע האָט פאַר־ברענט יידישע ביכער אין מאָסקווע, קיעוו און ווילנע — — — דאָס זענען די בלעטער וואָס ברענען פון צאָרן, דאָס זענען אויך די בלעטער, וואָס ברענען פון ליבשאַפט און זענען אויך בלעטער, וואָס ברענען פון צער און חרטה, אויך פאַרברענטע בלעטער פון טריישאַפט, פון קרבנות־גרייטקייט אויף אַ פרעמדער ערד, פאַר אַ פרעמד פאָלק, פאַר אַ פרעמדער אידיי — פאַר אַ וועלט וואָס איז פיינטלעך דער נשמה פון דיכ־טער"... דאָס לעצטע בוך זיינס "שפּאַצירן אין דער נאַכט" "איז אַ ווייטערדיקער, אַ העכערער עטאַפּ אינעם שאַפן פון דוד ספאַרד — — — אין זיינע לידער האָט אַ שפּיל געטאָן די פרייד פון אָפּגעפינען זיך סיי ווי אַ יחיד, סיי ווי אַ טייל פונעם כלל... און טאָקע דערפאַר, ווייל די פרייד פון אָפּגעפינען זיך איז ביי ספאַרדן אַרויס־געקומען אויפן גרויען, טרויעריקן הינטער־גרונט פון פּויליש הימל, טאָקע דערפאַר, ווייל די ווונדן פון פאַרשעמטקייט און באַ־ליידיקונגען זענען נאָך געווען אַזוי פריש — האָט די נייע פרייד זיינע זיך אַנטפּלעקט מיט אַזאַ בולטקייט"...

אין איבערפולטן צושויער־זאַל פון בית־לייוויק האָט מיט אַ באַזונדער קראַפט און

פרישקייט געקלונגען דאָס דיכטערישע וואָרט פון דוד ספּאַרד אין די רעציטאַציעס פון דער קינסטלערין הדסה קעסטין.

## נתניה

דוד ספּאַרד ע"ה האָט ליב געהאַט צו פאַר־ברענגען זיין אָפּרו־צייט אין נתניה. "מיר מיט ריוועז, זענען מיר פאַרליבט אין דער יידישער ריוויעראַ", האָט ער אַ מאָל אַ זאָג געטאָן, האָבנדיק אין זינען, דאָס פריילעך־רוישנדיקע און קאָלירפולע קוראָרט־שטעטל נתניה, מיט אירע שיינע בולוואַרן, מיט איר וווּנדערלעכן פּאַרק וואָס איבער די סאַמעט־ווייסע זאַמדן ביים בלויסטן ים אויף דער וועלט . . .

אָבער דוד האָט דאָ נישט נאָר גערוט, ער איז דאָ, מער ווי ערגעץ אַנדערש, שטענדיק אַרומגערינגלט געווען מיט פריינד און פאַרערער, מיט לייענער פון זיינע ווערק און צוהערער פון זיינע לעקציעס און רע־פעראַטן, מיט וועלכע ער איז נישט איין מאָל אַרויסגעטראָטן אין היגן יידישן קולטור־קלוב . . .

די טרויעריקע ידיעה, וועגן דעם אַז דוד איז פון אונדז אַוועק, האָט שווער געטראָפן אַלע נתניהער, וואָס האָבן אים וועז ס'איז געזען, געהערט, גערעדט מיט אים, צי גע־לייענט זיינע שאַפונגען.

נישט קיין וווּנדער וואָס די ערשטע הזכרה־פאַרזאַמלונג אין לאַנד, איז פאָרגעקומען דאָ, אינעם יידישן קולטור־קלוב. דער פיל־צאָליקער עולם האָט מיט פאַרכטיק שטיל־שווייגן באַערט דעם אָנדענק פון באַליבטן דיכטער און מענטש דוד ספּאַרד ז"ל.

מיט אַן אויספירלעכן רעפעראַט וועגן דוד ספּאַרד און זיינע ווערק איז אַרויסגעטראָטן דער יידישער קולטור־מנהיג נח צוקערמאַן — אַ לאַנג־יאָריקער חבר און פריינד פון פאַרשטאָרבענעם.

פול מיט אינטימער ליבשאַפט און אָפּשיי איז געווען דאָס וואָרט וועגן דוד ספּאַרדן פון דעם געטרייען און טיכטיקן קולטור־טוער, דעם פאָרוואַלטער פון דער היגער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק — פריינד אַהרונסאָן.

דער באַוווּסטער יידישער כאָר אונטער דער לייטונג פון דער פאַרדינסטפולער לע־רערין רחל צוקערמאַן, האָט געזונגען לידער און קאָמפּאָזיציעס אויף די ווערטער פון ד. ספּאַרד. רחל צוקערמאַן האָט אויך רע־ציטירט לידער פון בוך "שפּאַצירן אין דער נאַכט".

## פּאַריז

געקניפּט און געבונדן איז דוד געווען מיט אָט דער וווּנדערלעכער וועלט־שטאָט — אָנהייבנדיק פון זיינע סטודענטישע יוגנט־יאָרן, פולע מיט ליכטיקע האָפענונגען און רעוואָלוציאָנערן דראַנג און ענדיקנדיק מיט זיין לעצטן באַזוך שוין אַן ערנסט־קראַנקער, ווען ער האָט געשריבן קיין ירושלים: "אָדער איך בין שוין נישט איך, אָדער פּאַריז איז שוין נישט פּאַריז" . . . מעגלעך, אַז חוץ די נאַטירלעכע שווערע שטימונגען פון אַ קראַנקן מענטש מיט אָפּגעשוואַכטע כוחות, האָט דער דיכטער און דענקער ספּאַרד מיט זיין גאַנצן וועזן באַנומען, אַז יאָ, פּאַריז איז געוויס ווערט געווען אַ מעסע, אָבער בשום אופן נישט קיין מינדסטע יידישע תפילה . . . וועגן דעם זאָגן עדות זיינע "לידער פון ווענסענער וואַלד", די אָנגע־לאָגלטע מיט גליַיקער בענקשאַפט צו די בערג פון יהודה . . .

און דאָך, ניט געקוקט אויף אַט דער בענק־שאַפט און טראָץ זיין אָפּגעשוואַכטן געזונט, איז דוד, אפשר מער ווי שטענדיק, געווען דינאַמיש און אומדערמידלעך אַקטיוו; גע־ווען, קען מען זאָגן, אין סאַמע קאָך פון יידישן קולטור־לעבן אין פּאַריז. די יידישע קהילה האָט דאַן פּראָקלאַמירט דעם חודש־פעסטיוואַל פאַר יידישער קונסט און קול־טור. אויף די אימפּרעזן פון קאָמיטעט פאַר יידישער שפּראַך און קולטור, אויף באַגעגע־נישן מיטן עולם פון די "פריינד פון מפ"ם", אויף מסיבות פון שרייבער און קינסטלער — אומעטום האָט מען מיט אַ וואַכן אויער און מיט באַגייסטערונג באַגעגנט זיינע לידער, זיינע קלוגע און שיין־געפורעמטע רעפע־ראַטן און אַרויסטרעטונגען וועגן ישראל, וועגן שרייבער און ווערק, וועגן אונדזער קיום, וועגן די פּראָבלעמען פון פאָלק און מדינה. אויסדריקנדיק די ליבשאַפט און אַנערקענונג פון די יידישע לייענער און צוהערער, האָבן אַ גרופּע פּאַריזער פריינד און אַנהענגער פון זיין טאַלאַנט אונטערגע־טראָגן אים אַ רירנדיקע מתנה — זיין סקולפּטור־פּאָרטרעט, אויסגעגאָסן אין בראָנדז, וועלכן זיי האָבן באַשטעלט ביים באַוווסטן יידישן קינסטלער מיכאל מיל־בערגער.

דער איינדרוק פון דודס לעצטן באַזוך אין פּאַריז איז נאָך פריש געווען אין זכרון ווען פון ירושלים איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דוד איז שוין ניט מיט אונדז. אַט די ידיעה האָט ממש דערשיטערט דעם יידיש־יידישן עולם פון פּאַריז ... פאָלקס־מענטשן פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען, נאָענטע פריינד און חברים יידישע שרייבער, קינס־טלער, אַרטיסטן זענען געקומען צו דער טרויער־פאַרזאַמלונג, וועלכע ס'האָבן צו־נויפגערופן די פריינד פון מפ"ם, דעם 9טן אָקטאָבער 1981, צו די שלושים פונעם נפטר.

איינער פון די נאָענטסטע פריינד פון פאַרשטאָרבענעם, וועלכער איז מיט אַ קור־צער צייט שפּעטער אויך אַוועק אין דער אייביקייט — דער האַרציקער דיכטער און דערציילער משה שולשטיין ז"ל האָט אין געציילטע ווייטיקפולע הזכרה־ווערטער גע־עפנט יענע פאַרזאַמלונג. דעם טיפן טרויער פאַר אַלע פאַרזאַמלטע דריקט אויס אין זיין וואָרט דער שרייבער און געזעלשאַפטלעכער טוער א. אַפּאַטאָשעוסקי. איבערן שטילשווייגנ־דיקן איבערפולטן זאַל שפּרייטן זיך די קלאַנגען פון שאָפּענס טרויער־מאַרש ...

מיט דערינערונגען וועגן דוד ספאַרד דעם מענטש, שרייבער און דיכטער פון גרויסער ליבשאַפט צום בן־אדם, וועגן זיינע טעטי־קייטן אין פוילן, ווי ער איז קאַרגע צוויי צענדליק יאָר געווען רעדאַקטאָר פון די "יידישע שריפטן" און פאַרלאַג "יידיש בוך" — טרעט אַרויס די עסייאיסטין און דערציי־לערין לילי בערגער.

פאָרזיצער פון פּאַריזער קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור ד"ר וואַרשאַווסקי שטעלט זיך בעיקר אָפּ אויף דער גרויסער פּשטות פון דוד ספאַרד סיי אין זיינע שאַפונגען סיי אין זיינע קאָנקרעטע קולטור־געזעל־שאַפטלעכע אויפטוען און פּשטות איז מענטשלעכקייט ... אפילו אַלס רעדנער איז ער תמיד געווען נישט קיין אָראַטאָר, נאָר אַ קלוגער יידישער דרשן ... אין דער מחי־צה פון זיין מינדלעך און שריפטלעך וואָרט איז אויסער חכמה און וויסן געווען אויך שכל הישר ...

אינטים זענען געווען די קורצע זכרונות מיט וועלכע ס'האָט זיך געטיילט דער באַ־קאַנטער דיכטער משה וואַלדמאַן וועגן זיינע באַגעגענישן מיטן פאַרשטאָרבענעם אין

פאַרשידענע ערטער פון זייערע וואַנדער־וועגן, בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — אַלמאַ־אַטאַ, בוכאַראַ, מאָסקווע, וואַרשע און שפּעטער אין ישראל און פראַנק־רייך "און אומעטום אין די ביטערסטע צייטן, האָט אים ניט פאַרלאָזט זיין דיכטערישע מוזע". משה וואַלדמאַן האָט אויך אַנאַליזירט ספּאַרדס דיכטונג פון פאַרשידענע פּעריאָדן.

אין זיין אויספירלעכן אַנאַליז וועגן שע־פערישן וועג פון שרייבער דוד ספּאַרד, פאַרצייכנט דער שרייבער און איבערזעצער מ. ליטווין וועגן ספּאַרדס ווערק נאָך זיין עולה זיין קיין ישראל, אַז זיין שאַפן "איז... אין אַלע זיינע אויסדרוק־פאָרמען — ליריק, צי עסיי, צי אַרטיקל פון איצט אָן אין ישראל געבוירן געוואָרן און געוואַקסן אויף אַ באָדן, וואָס איז געווען ניט בלויז וואַרעם, נאָר אויך ערד". און מ. ל. ליטווין שליסט זיין אַרויסטרעטונג מיט די ווערטער: "איצט רוט דוד ספּאַרד ז"ל אין "אייגענער ערד" און דאָס קערנדל, וואָס ער האָט אין איר פאַרזייט, באַהעפט זיך מיט אַזוי פיל אַנ־דערע, וואָס פון זיי אַלע וואַקסן דיביימער פון נייעם יידישן פיזישן און גייסטיקן וואַלד, אַזוי ווי ס'קען וואַקסן אויף "איי־גענער" און בלויז אויף "אייגענער ערד".

זאָל אים די דאָזיקע ערד לייכט זיין און פאַרהיטן זיין אָנדענק, ווי מיר אַלע טוען עס. חבל על דאָבדין ולא משתכחין".

מיט פּרעכטיקע רעציטאַציעס פון ספּאַרדס לידער האָט געשלאָסן די טרויער־פאַרזאַמ־לונג — **מילקאַ פּעטשעניק**.

## אין קול ישראל

* אַ ליטעראַריש־קינסטלערישע פּראָגראַם לזכר דעם דיכטער דוד ספּאַרד איז איבער־געגעבן געוואָרן דורך קול ישראל דעם 11טן אָקטאָבער 1981. די פּראָגראַם האָט רעדאַגירט **מיכאל בן אברהם**. אין דער פּראָגראַם האָבן זיך באַטייליקט **מיכאל בן אברהם, מרדכי צאַנין, בינם העלער** און **הדסה קעסטין**.

* אין דער פּאָפּולערער מוזיקאַליש־קינס־טלערישער ראַדיאָ־פּראָגראַם א. נ. "דאָס ליד וואָס מיר זינגען", רעדאַגירט און אָנ־געפירט פון **אפרים שעדלעצקי**, האָט מען טראַנסלירט געזאַנג־לידער אויף די טעקסטן פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער. געזונגען האָט אינאַ טאָפּער, מוזיק פון אַ. דאַנדאָס און מ. פּאָליאַנסקי.

## פּוילן

אין **וואַרשע** איז אויפן אָרדנטלעכן צוזאַמענ־פאָר פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד באַהערט געוואָרן דער אָנדענק פון דוד ספּאַרד ז"ל.

*

**ליטעראַרישער אָנדענק־אָוונט**
**אין וראָצלאַוו**

ווי ס'גיט איבער די וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע" פאָרן 12 דעצ' 1981, איז אין וראָצ־לאַווער לעוואַרטאָווסקי־קלוב פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער אָוונט צום אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער. געעפנט דעם אָוונט האָט דער סעקרעטאַר פון וראָצלאַווער פאַרבאַנד־קרייז **העניק ראַבאַק**, וועלכער האָט אין קורצע שטריכן געשילדערט דעם לעבנס־ און שאַפונגס־וועג פון דוד ספּאַרד.

דער בינע־קינסטלער **יעקב ראָטבוים** האָט זיך געטיילט מיט פּערזענלעכע דערינערונ־גען וועגן ספּאַרדן, אָנהייבנדיק פון די סטו־דענטישע יאָרן און ענדיקנדיק מיט זייער לעצטער באַגעגעניש אין פּאַריז אין יאָר

1981. **יעקב רויטבוים, לעאָן רייזמאַן און מאַרטענספעלד** האָבן רעציטירט ספאַרדס לידער פון פאַרשידענע פעריאָדן.

## לאָדזש

"אַן אָוונט אין לאָדזש געווידמעט דעם אָנדענק פון דוד ספאַרד" — אונטער אַזאַ קעפּל איז פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער וואַרשעווער "פאָלקס־שטימע" פאַרן 23טן יאַנואַר 1982. די צייטונג אינפאָרמירט, אַז אין לאָדזשער יידישן קולטור־קלוב איז מיט אייגענע כוחות פאַרגעקומען דער אויבן דערמאָנטער אָוונט. מיט אַ וואָרט וועגן דוד ספאַרד איז אַרויסגעטראָטן בינם שיינהאַרט. שאַפונגען פון פאַרשטאָרבענעם דיכטער האָבן געלייענט עלי ניימאַן און בינם שיינהאַרט. דער נאָך האָט דער פאַרזאַמלטער עולם אויסגעהערט יידישע פאָלקס־לידער פאַרשריבענע אויף אַ טייפּ־רעקאָרדער . . .

## די לעצטע שפורן פון יידישן וואָרט אין פוילן ? . . .

אין דער זעלבער צייטונג זענען אויך פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע שורות אין פעטיט:

"אַלע אונטערנעמונגען, וועגן וועלכע ס'אינפאָרמירן אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן, זענען פאָרגעקומען אין די קלובן פאַרן 13טן דעצעמבער 1981 יאָר. מיר האַלטן אָבער פאַר צוועקמעסיק זיי צו פאַרעפנטלעכן, האָבנדיק די טיפע איבערצייגונג אַז אין גיכן וועט ווידער באַנייט ווערן די טעטיקייט פון אונדזער פאַרבאַנד".

"פאַרן 13טן דעצעמבער" ד. ה. פאַרן אויפשטעלן דעם מיליטערישן רעזשים אין "פאָלקס"־פוילן. זאָל דאָס באַטייטן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד און אַז פוילן ווערט נישט נאָר "יודען־ריין", נאָר אויך "יידיש־ריין" ? דאָס האָט פאַרויסגעזען אונדזער טייערער מענטש און דיכטער דוד ספאַרד ז"ל.

**רעפּאָרטאַזש פון ל. בענדאָווסקי**

* * *

## אין די טרויער-טעג

דער טויט פון דיכטער דוד ספּאַרד ז״ל האָט אַרויסגערופן גרויס צער ביי זיינע פריינד, קאָלעגן־שרייבערס, ביי די טרייע יידישע לייענער און געזעלשאַפטלעכע טוער, ביי די שרייבער־ און קולטור־אָרגאַניזאַציעס אין לאַנד און אין די תפוצות.

די טרויעריקע ידיעה האָט באַקומען אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין דער פרעסע פון ישראל און אין דער יידישער וועלט־פרעסע.

צענדליקער מיטגעפיל־טעלעגראַמעס, בריוו און טרויער־אויסדרוקן האָבן אין יענע טעג זיך באַוויזן אויף די שפּאַלטן פון דער יידישער פעריאָדיק; נאָך מער — האָבן געשטראָמט אויפן אַדרעס פון דער פאַראָבלטער משפחה ספּאַרד.

* * *

**אונדזער האַרציקסטן דאַנק**

אַלע אָרגאַניזאַציעס, קולטור-אינסטיטוציעס און די צאָלרייכע פריינד, קאָלעגן, חברים, וועלכע האָבן אָנטייל גענומען אין אונדזער טיפן צער און ווייטיק צוליבן אַוועקגיין פון אונדזער טייערן, אומפאַרגעסלעכן מאַן און פאָטער

**דוד ספּאַרד ע״ה**

**ריווע ספּאַרד און קינדער**

## יוסף קערלער

# אני מאמין

**דודן ז״ל**

הימל און ערד
האָבן געשווירן,
אַז מײַן לאַנד
זאָל נישט גיין פֿאַרלוירן,
אַז מײַן פֿאָלק
זאָל נישט גיין פֿאַרלוירן.
און דאָס
איז מײַן שטענדיקער אָטעם,
און דאָס
איז מײַן ענדלאָזער שאָטן,
און דאָס איז מײַן טעגלעך ברויט
פֿון געבורט ביז צום טויט
און פֿון טויט
ביז צום ווידערגעבוירן. — — —
— — — — — —
הימל און ערד האָבן געשווירן!

ירושלים, דעצעמבער, 1981.



# ביבליאָגראַפיע

פאַר די עטלעכע און פופציק יאָר אַקטיווער ליטעראַרישער טעטיקייט פון דוד ספאַרד ז״ל, זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן זײַנע שאַפונגען אין הונדערטער יידישע צײַטשריפטן פון גאַר דער וועלט. זײַנע, מיינסטנס נישט אײַנגעזאַמלטע ליטעראַרישע עסייען, פובליציסטישע אַרבעטן, לידער, דערציילונגען, איבערזעצונגען האָבן זיך געדרוקט אין וואַרשע, ווילנע, לאָדז, מאָסקווע, מינסק, ניו־יאָרק, פאַריז, תל־אביב, ירושלים און אין אַנדערע שטעט פון דער ״יידיש־אימפעריע״...

כדי אויפצושטעלן אַן אַלזײַטיקע און פולע ספאַרד־ביבליאָגראַפיע פאָדערט זיך פיל מי און צײַט און טון דאַרף דאָס אַ געניטער פראָפעסיאָנעלער ביבליאָגראַף.

לויט אונדזערע באַגרענעצטע מעגלעכקײַטן פרווון מיר זיך דאָ עפּעס בײַ־שטײַערן צו דער קינפטיקער ספאַרד־ביבליאָגראַפיע.

## די ספּאַרד-ביבליאָגראַפּיע פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״:

דוד ספאַרד איז געווען דער מיטגרינדער און מיטרעדאַקטאָר פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״. מער ווי העלפט מאַטעריאַלן פון אָט דער אויסגאַבע פלעגט ער רע־דאַגירן. די לעצטע אַכט יאָר פון זיין לעבן האָט ער פאַרעפנטלעכט זײַנע ווערק אין ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ מער ווי אין וועלכער ס׳ניט איז אַנדער ליטעראַרישער צייטשריפט. מיר גיבן דאָ אַ פולע רשימה פון אָט די שאַפונגען.

**דיכטונג:**

״אַלמאַנאַך — יידישע שרייבער פון ירושלים״ (נומ. 1) 1973. נייע לידער: מיין חלום; מיט זיך אַליין; ירושלים; אין פולע שיין; פאַר די בויער. (זז. 103—106).

״ירושלימער אַלמאַנאַך״ (נומ. 2—3) 1974. ירושלים פאַרנאַכט; סייפא וספרא; פון דעמלט. (זז. 77—79).

נומ. 4. 1975. סאַטירישע גראַמען: דער בער און די פליג. מאָדערניסטיש; צוויי דיכטער; דער העלד. (זז. 148—151).

נומ. 5. 1975. טאָג איין, טאָג אויס: אין סודותדיקן וואַנדער; אַלץ וואָס גוט... דאָ; אין באַהעפט מיט זיך אַליין; דער טאָג; פרילינג; מיין קריג; אין אַן אייגן הויז; טאָג איין טאָג אויס. (זז. 57—61).

**נומ. 6—7.** 1976. שטעטלעך יידישע וואָלינער: שטעטלעך...; אַזוי וועט שוין אייביק זיין דאָרט באַשערט; עס האָט דער קאַלטער שטראָם...; געקומען איז ער אין באַגינען; רופט נישט אָפּ... (זז. 130—139).

**נומ. 8.** 1977. ביסט געווען מיין חלום... פון זשורנאַל־אָפּטייל "מזמור שיר לירושלים" (ז. 10); אין די טעג פון שואה און עצמאות (א, ב, ג, ד, ה, ו); צו דער ערשטער יאָרצייט פון לייב אָליצקי. (זז. 102—107).

**נומ. 9.** 1977. אַ חלום (ז. 198); דאָס האָבן זיי דערמאָרדעט זיך אַליין...; יאָרצייט־ליכט (זז. 229—230).

**נומ. 10.** 1978. שואה: ס'איז אַלץ נאָך נישט דער סוף; פאַר וואָס איז מיר באַשערט?; עס טרעפט; צו מיין שכן דעם אַראַבער; ווען נישט דיין שיין... (זז. 30—34).

**נומ. 11.** 1980. דער שטאָלצער פּאַלמע־בוים; ווי אַ בליץ אין פלי; עמעלע; יידל מיטן פידל; כוואַליעס; די נאַכט איז פול מיט שרעק; שפּאַצירן אין דער נאַכט; ליכט. (זז. 80—85).

**נומ. 12.** 1981. טראָפּנס. (לידער־ציקל פון אַ ביט ט). (זז. 71—73).

## קריטישע פּאַרצייכענונגען, עסייען, רעצענזיעס:

**נומ. 2—3.** 1974. 1. וועגן "ערב" פון עלי שעכטמאַן; 2. באַמערקונגען צום בוך "וואָלינער יידן" פון ל. אָליצקי. (זז. 195—205).

**נומ. 4.** 1975. אין אָנדענק פון אפרים אויערבאַך; אויפן ראַנד פון דעם בוך "דער כוח פון יידישן הומאָר" פון שמעון דזשיגאַן; "געביילטע פויסטן" פון זאַמי פעדער. (199—209).

**נומ. 5.** 1975. לייב אָליצקי ז"ל. ז. 165). די דיכטונג פון הירש אָשעראָוויטש; "אָן אויסרוף־צייכנס" פון י. יאַנאַסאָוויטש; אויף וועגן און אומוועגן פון אסתר ראָזנטאַל שניידערמאַן. (זז. 166—171).

**נומ. 6—7.** 1976. אונדזער גרויסער פּאָלקס־שרייבער (רעדאַקציע־אַרטיקל צו דער 60טער יאָרצייט פון שלום עליכם). (זז. 8—11); געשטאָרבן די שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך (נעקראָלאָג א. ב. פון רעדאַקציע). (ז. 240); וועגן "שטערן לייכטן אין תהום" פון ישעיהו שפּיגל; וועגן שרייבער יואל פּערל ז"ל (זז. 248—251); דער אַלעלטלעכער צוזאַמענפּאַר פון דער יידישער קולטור (זז. 274—276).

**נומ. 8.** 1977. די לידער פון יחיאל האָפער; שלמה רויטמאַן; חיים מאַלטינסקי; וועגן דער אַנטאָלאָגיע "אין אייגענעם לאַנד. (זז. 176—184).

**נומ. 9.** 1977. די יידיש־סאָוועטישע שרייבער. (זז' 115—120).

**נומ. 10.** 1978. צום אָנדענק פון יוסף רובינשטיין; אויפן ראַנד פון בוך "ביחידות" פון בינם העלער; "פון ליד צו ליד" פון רחל בוימוואַל; וועגן י. פינערס "צווייי משפחות"; וועגן "12טער אויגוסט, 1952 פון יוסף קערלער; דאָס לידער־בוך "באַשערטקייט" פון שמואל טאָפּ. (זז. 191—205).

**נומ. 11.** 1980. אויפן ראַנד פון הערש סמאָליאַרס בוך "פון אינעווייניק" (זז' 209—213); יודל קאַרמאַן ז"ל (רעדאַקציע־נעקראָלאָג). (ז' 238).

**געדרוקט אונטער דעם פסעוודאָנים אַ. רוט:**

נומ. 4. 1975. ס׳איז געשטאָרבן דער לעצטער יידישער דיכטער אויף דער פוילישער ערד — אליהו רייזמאַן ז״ל. (זז׳ 191—193).

נומ. 8. 1977. אַ סך הכל פון אַ רייזע. (זז. 231—237).

נומ. 9. 1977. קריטישע פאַרצייכענונגען: 1. ״בית נחמן מייזיל״; 2. ״מיט פאַרבאַטענעם בלייער״ פון מאָטל סאַקציער. (זז. 258—262).

**אין נאָמען פון רעדאַקציע:**

נומ. 1. 1973. ישראל דלמעלה (זז׳ 7—10).

נומ. 2—3. 1974. אונדזער שטעלונג צו דער פלאַנירטער וועלט־קאָנפערענץ פון יידישער קולטור אין ישראל (זז. 237—238).

נומ. 10. 1978. דרייסיקסטע יום עצמאות (זז׳ 87—89).

**פון סטאַניסלאַוו (יהושע) וויגאַדסקי (איבערגעזעצט פון פויליש — ד.ס.):**

נומ. 4. 1975. דאָס יינגל מיטן ראָווער, דערציילונג. (זז׳ 49—53).

נומ. 5. 1975. פון בוך ״אַ ווינטער־רייזע״) לידער מיט אַ נאָכוואָרט פון איבערזעצער. (זז. 87—89).

**וועגן דוד ספּאַרד:**

נומ. 1. 1973. פּראָפ׳ סאָל ליפּצין / פיר דיכטער, נייע עולים. (וועגן ספּאַרדן — זז. 176—178).

נומ. 11. 1980. ד״ר י. ח. בילעצקי / דיכטער דוד ספּאַרד (זז. 86—90).

נומ. 12. 1981. מאיר חרץ / אָפּרופן. דוד ספּאַרד — ״שפּאַצירן אין דער נאַכט״. (זז. 186—187).

## ״יידישע שריפטן״ — צייטשריפט פאַר ליטעראַטור, טעאַטער און קולטור

(לאָדזש, פון נאָוו׳ 1949 — וואַרשע)

לויט די ביבליאָגראַפישע רשימות פון ליובאַ בורשטין

**דיכטונג:**

מיין לאַנד אין אומעטום. מערץ 1947, זייט 7. ס׳איז וואָר און ס׳איז חלום. מאי 1951, ז׳ 4. פאַר אייער און אונדזער פרייהייט. אַפּריל 1952, ז׳ 2. צו מיין פאַרטיי; ווי פרילינג; אין שטעט. מערץ 1954, ז׳ 2. פּעליטאָן אין גראַמען אין דריי טיילן: דער יחוס; דער אוואַנס; דער וויסטער סוף. (אונטערגעשריבן מיט ספּאַרדס פסעוודאָנים אַ. רוט). סעפּ־

טעמבער 1956, ז׳ 9. פֿאַר נאַכט אין צוג; אין שפּעטער שעה; אַ חלום; ס׳איז געשען
ערגעץ ווייט; די טרער. אָקטאָבער 1956. ז׳ 5. אַז דו וועסט פֿאַרלאָזן די ערד דאָ; כ׳האָב
מיין פֿריינד פֿאַרלאָרן. יאַנואַר 1957, ז׳ 3. פֿון ציקל ״כלל־טוער״ (אונטערגעשריבן אַ.
רוט). יאַנואַר 1957. ז׳ 8. נאָך אַ דיסקוסיע; דער רעדנער (אונטערגעשריבן אַ. רוט).
פֿעברואַר 1957, ז׳ 8. עס זאָלן זיך די שונאים נישט דערוויסן (אַ. רוט). מערץ 1957,
ז׳ 8. אַ בריוו צו פֿריינד; צייטנווייז; נעכט; בענקשאַפֿט; פֿרעמדע שיין; נייע ווערטער.
מאַי 1957, ז׳ 6. צי קענען ווערטער דען מיט הערצער זיך פֿאַרמעסטן; די ערד איז אייביק
גרין; ס׳איז נישט קיין זינד. יולי 1957, ז׳ 4. מיין ליד; די שטערן וויינען; כ׳האָב אַזעלכע
רייד צו דיר גערעדט; אַ חלום. סעפּטעמבער 1957, ז׳ 4. עס איז שוין אַזאַ יאָר; נעכט
און טעג; ביי נאַכט אין וואַלד; אין פֿייער־שיין; געווען אַ מאָל אַ בוים. פֿעברואַר 1958,
ז׳ 5. אַזוי איז עס געשען. אַפּריל 1958, ז׳ 1. אַ ליבע־ליד. מאַי 1958, ז׳ 2. פֿליט
אַ טויב אַ ווייסע; אַ זעונג. יוני 1958, ז׳ 2. האַרבסט־מאָטיוון; וואָלקנס; נאַכט; כ׳האָב
דעם אורטייל אָנגענומען; ווען ס׳האָט דער קעניג באַפֿוילן; דער וויאָרסטן־סלופּ און דער
גייער (משל). סעפּטעמבער 1958, ז׳ 3. אין טרויער; אָט זענען אַלע מיינע אויסגעפּרוווטע
יאָרן. נאָוועמבער 1958, ז׳ 6. ביבליש; אַ הימן דעם פֿאַרשטאַנד; אַ שטורעם־גלאָק;
צווישן טאָג און טאָג; שלום־ליד. יאַנואַר 1959. ז׳ 5. ביים דענקמאָל פֿון רום און פּיין.
אַפּריל 1959, ז׳ 3. כ׳האָב מיין בוך אַרויסגעטראָגן אין דעם פֿרילינגדיקן דרויסן;
ס׳פֿליסט צו דיר מיין בענקשאַפֿט; מרידה. מאַי 1959, ז׳ 4. פֿרילינג. יוני 1959, ז׳ 3.
ס׳איז יום טוב היינט; כ׳גיי פֿאַרשיכורט נאָך דעם רוישיקן געזאַנג. יולי־אויגוסט 1959,
ז׳ 1. אַזוי וועט זיכער זיין; כ׳מיש די בלעטער; אַ שטעטלשע באַלאַדע. נאָוועמבער
1959, ז׳ 5. דאָס הויז פֿון אייז; צו גאַסט אין שטעטל. דעצעמבער 1959, ז׳ 4. ווי קענען
פֿייגל; עס האָט די צייט זיך געשטעלט; דערמאָנונג. אַפּריל 1960, זז׳ 4, 5. איך ווייס;
ווען אויסגעלאָשן; און דאָך. יוני 1960, ז׳ 6. די פֿרייד פֿון אונדזער וואָך; צו מיין זון;
פּייסאַזש; אויפֿן ברעג ים. סעפּטעמבער 1960, ז׳ 4. דאָס ליד פֿון אַלע מיינע לידער;
ס׳האָט מיין חלום דאָס אַזוי באַנומען; עס געשעט. נאָוועמבער 1960, ז׳ 4. אין רעגנדיקע
טעג; דער טאָג — מיין זילבערדיקע סטעזשקע; ווייט פֿון דאַנען, זייער ווייט; מיין
אויסגעלאָשן הויז. יאַנואַר 1961, ז׳ 6. נעכט; צו אַ דייטשישן פּאָעט. אַפּריל 1961,
ז׳ 17. וואַרשע, מיין שטאָט; וואָס טאָן מיט מיין נאַריש האַרץ. נאָוועמבער 1961,
ז׳ 12. אין יענעם אָוונט; צום אָנדענק פֿון יעקב זאָנשיין. פֿעברואַר 1962, ז׳ 1. געבעט;
כ׳בין מקנא דיך, מיין פֿריינד; ליד פֿון עמעריטן. פֿעברואַר 1962, ז׳ 8. שוועסטער מיינע;
פֿאַר וועמען זיך באַקלאָגן? אַפּריל 1962, ז׳ 1. שטילקייט; נאָקטורן; גלויבן; די טרויע־
ריקע שפּיל. יוני 1962, ז׳ 5. פֿאַר דעם פֿרייען פֿויגלשן געזאַנג; זיי נישט טרויעריק,
מיין קינד; פֿון מיין פֿרייד; אַ פֿונק האָט זיך אָפּגעריסן פֿון פֿלאַם. יולי־אויגוסט 1962,
ז׳ 6. אַ גאַנצן טאָג האָבן היינט די בערג געברענט; ווען מע האָט אייער ליד דערשטיקט
צווישן פֿינצטערע ווענט; צי האָט אַ מאָל אַ שטומע בלאַט; כ׳האָב אין יעדער איינעם.
סעפּטעמבער 1962, ז׳ 9. זע; צו זיך רוף מיך נישט; פֿאַרבן־שפּיל. דעצעמבער 1962,
ז׳ 9. דעם אָנדענק פֿון ה. לייוויק; אויסגעטאָן פֿון גוף . . . ינואר 1963. פֿאַרשטויסן
פֿאָלק; ביסט אַ לעבן לאַנג געווען מיר פֿרעמד. מערץ־אַפּריל 1963. ז׳ 20. דער זינגער

און דער דייטש; וועגן. מאַי 1963, ז׳ 13.    שפּיגל־וואַריאַנטן (לידער). יולי־אויגוסט 1963, ז׳ 6.    אָקטאָבער. נאָוועמבער 1963, ז׳ 1.    דער שטילער גאַנג...; איך זע; אין אַ לבנהדיקער נאַכט. יאַנואַר 1964, ז׳ 4.    סאַטיריש: אַ מעשהלע מיט ריטער; טרייסט; דער שכל; בלויז; פאַר יעגעם. מערץ 1964, ז׳ 7.    נישטאָ אַזאַ טרייסט; פרעג ביי יעדן וואַנדערנדיקן ווינט. אַפּריל 1964, ז׳ 1.    חלום חלמתי. מאַי 1964, ז׳ 14.    דער דיכטער און די באַן; דער העלד און זיין אָרדען. יוני 1964, ז׳ 7.    פאַר יונגע זצוואַנציקיאַריקע; פאַראַן אַ מעשהלע...; עס ווייסט מיין האַרץ ניט פון קיין רו; צום טויט פון אַ דיכטער; צום אָנדענק פון אַהרן קורץ. יולי־אויגוסט 1964, ז׳ 18.    נאַכט; אויך אַזוי מיין פּאַטערלאַנד; געשעט אַ מאָל. סעפּטעמבער 1964, ז׳ 6.    אַ וווּנדערלעכע רייזע; זאָל וועך עס וויל; אין אַ כישוף־לאַנד. אָקטאָבער 1964, ז׳ 7.    האַרבסט; פון פּראָסטיקן צפון; כאָטש ווייט, זייער ווייט. נאָוועמבער 1964, ז׳ 11.    צום יאָרטאָג פון דער באַפרייונג פון וואַרשע. יאַנואַר 1965, ז׳ 1.    הימען צו דער יוגנט; באַרג אַראָפּ; אין טעג פון גנאָד. פעברואַר 1965, ז׳ 13.    אָפּטימיסטישע באַלאַדע; דאָס וואָרט. מערץ 1965, ז׳ 11.    געווען איז דאָס אַ נאַכט; אין מיין אויסטערלישן גאַנג. אַפּריל 1965, ז׳ 20.    אַלע טייכן זענען רויטע; כ׳שעם זיך פאַר דער ווייסער הויט; מיין פריינד, דעם חבר הערש סמאָליאַר. מאַי 1965, ז׳ 13.    יעדע כוואַליע דערטראָגט צום ים; און אָט איז די גרענעץ די לעצטע פון זיין; נעכט. יולי־אויגוסט 1965, ז׳ 12.    אַ רייזע; דערמאָנונג; דאָס וואָרט; אַנטיגאָט. סעפּטעמבער 1965, ז׳ 12.    כ׳האָב ליב...; אַלץ וואָס מיט אונדז איז געשען דאָ; דערמאָנונג; ווען די זון איז אַ מידע; אויף דעם העכסטן שפּיץ באַרג. אָקטאָבער 1965, ז׳ 6. אַלע וועגן; ס׳האָט קיינער נישט געהערט; באַרוועסע טריט; האַרבסטיקער פאַרטאָג. נאָוועמבער 1965, ז׳ 5.    רויטער געוועט (צום זיבעציקסטן געבוירנטאָג פון פּרץ מאַרקיש). דעצעמבער 1965, ז׳ 2.    מיין געבוירנטאָג; גאַריבאַלדי. יאַנואַר 1966, ז׳ 5.    אויף אַפּרו; ביי די גריבער; לעצטע אשמורה; פאַרבלענדעניש; אייביק יונג; ליבע הייסט — זיין פריי. פעברואַר־מערץ 1966, ז׳ 9.    כ׳שעם זיך; די לעבנס־געשיכטע פון אַ קווייט; ווער וועט באַצאָלן. אַפּריל 1966, ז׳ 10.    אויפן פרישן קבר פון נחמן מייזיל מיט טיפן טרויער; ס׳ווערט טונקעלער פון מאָל צו מאָל; ערשטער מאַי אין וואַלד; אויפגאַנג; אַ ווינט. מאַי 1966, ז׳ 5.    וואָרענונג; ווונדער; צו איינעם אַ פּאָעט. יוני 1966, ז׳ 12.    ווי גוט ס׳איז צו וויסן; אַ מאָנאָלאָג; פייגל; פון אַלטע געשיכטע, וואָס בלייבט אימער ניי. יולי־אויגוסט 1966, ז׳ 13.    ביים ים; ערב נאַכט; אין שטורעם; און אפשר. סעפּטעמבער 1966, ז׳ 13. יידישע אותיות (דער פאָלקס־שטימע). נאָוועמבער 1966, ז׳ 1.    דער פּאָעט; ערב טאָג; כישופדיקער קרייז. נאָוועמבער 1966, ז׳ 13.    רצחת וגם ירשת!; בלינדע טעג; היינט־צייטיק. דעצעמבער 1966, ז׳ 9.    דאָס ליד, וואָס זינגט זיך אין דער שטיל; וואָס ברויזט אַזוי דער ים; אַ דיאַלאָג. יאַנואַר 1967, ז׳ 11.    איך קער זיך אום; כ׳האָב דונערן און בליצן אַנגעטאָן אין צוימען; כ׳האָב געקענט. פעברואַר 1967, ז׳ 7.    יידיש; אַזוי שיין איז די וועלט; דאָס וואָרט. מערץ 1967, ז׳ 2.    עס האָבן די יאָרן; ביים קבר פון אומבאַקאַנטן קינד; נישט געשטילט איז נאָך דער ווייטיק. אַפּריל 1967, ז׳ 4.    גרין איז יונג; יעדער פרילינג איז דער ערשטער; אַ רעגן בלויז. יולי־אויגוסט 1967, ז׳ 15.    צו אידאַ קאַמינסקאַ (אין 50סטן יאָר פון איר טעטיקייט אויף דער יידישער בינע); האַרבסטיקע מאָטיוון; אַלץ

אָרום איז אומעטיק פֿאַרקלערט פֿאַרן טויט; צי דאַרף אַזוי געשען טאַקע? סעפּטעמבער־אָקטאָבער 1967, ז׳ 3. פּופּציק יאָר; אַ וויעטנאַמער מעשהלע; דערוואַרטונג; ביים ראַנד פֿון דעם קוואַל. נאָוועמבער 1967, ז׳ 6. פּייסאַזשן. דעצעמבער 1967, ז׳ 10. לענין; שאַטנס; דער דענקמאַל. יאַנואַר 1968, ז׳ 8.

גראַמען:

אויך די סאַמע פּראָסטע גראַמען; מע זאָגט — פֿאַרלוירן גליק, ער פֿאַררייסט די נאָז; דיכטער איז אייביק שוין באַשערט; ווער עס שרייבט פֿאַר ווּעמען; צו שרייבן איז געניג טאַלאַנט. ווער אין זיך אַליין עס צילט; פֿאַראַן אַזעלכע לייט; מיר אַלע וואָס פֿון כּעלעם שטאַמען; אַ לעבן לאַנג האָט ער דעם פּרווו געמאַכט; יעדער קלוגער דיכטער זיך באַמיט; די ערד איז קײַלעכדיק — אַזוי שוין פֿון באַגינען; אַלע וועגן קומען זיך צונויפֿ צוזאַמען ערגעץ ווו; אין געדאַנק איז יעדעס וואָרט; פֿאַרן פֿאָטערלאַנד — דער טויט. פֿעברואַר 1968, ז׳ 13.

ליבע־לידער:

ביסט דער טרוים פֿון מיינע יאָרן; דו; לאָמיר די געציילטע יאָרן; ווען די קווייטן וויאַנען. מערץ 1968, ז׳ 4. קינדער מיינע; די תוכחה; אין טאָג פֿון 19טן אַפּריל; עלנט; אַ בייזע האַנט.

לידער צום ערשטן מאַי:

מיט יעדן מענטשן; ווי אַן אַדלער פֿליט; אויפֿגיין וועט מיט טאָג די זון; עס האָבן שוין די ביימער זיך צעוועקט; עס וועלן זיכער קומען העלע טעג. מאַי 1968, ז׳ 3. עפּיטאַפּיע; אַליאַרם; אַנטיפּייגל; אַ זייפֿנבלאָז. יוני 1968, ז׳ 2.

צו דער צוויייטער יאָרצייט נאָך בערל מאַרק:

ווען אַ מענטש פֿאַרשווינדט; מיין האַרץ; אַנטשולדיקט, וואָס איך לעב. יולי־אויגוסט 1968, ז׳ 5.

באַמערקונג פֿון רעדאַקציע: דאָרט ווו דאָס ליד איז געדרוקט אונטער דריי שטערנדלעך (***) גיבן מיר אָן די ערשטע שורה פֿון ליד.

(המשך אין קומענדיקן נומער)

# וועגן דוד ספֿאַרד

## ביבליאָגראַפֿישע פֿאַרצייכענונגען לויטן ניו־יאָרקער ייוואָ־אַרכיוו

(דערגענצט)

ביבליאָגראַפֿיע יאָרביכער פֿון ייוואָ, וואַרשע, 1928, זוכצעטל; ש. זאַראַמבּ, ליטעראַרישע בלעטער, פֿעבר׳ 7, 1930; אַ. דאַמעסעק, פֿאַרוואָרט צו לעבן און קאַמף, מינסק, 1936;

**ב. מאַרק**, שטערן, נאָוו׳־דעצ׳ 1940, יידישע שריפטן, וואַרשע, יוני־יולי, 1949, די ראָל פון בוך אין געטאָ, וואַרשע 1954, ז׳ 27; יידישע שריפטן נומ׳ 6 (98) וואַרשע, מאַי 1955 און נומ׳ 10, אָקט׳ 1961; איקוף־אַלמאַנאַך, נ״י 1961, ז׳ 68, 70, 82; **א. קוואַטערקאַ**, פאָלקס־שטימע, לאָדזש, מאַי 1948; **י. גרודבערג**, זמ״ב דינערשלעזיע, רירבאַך, 1949; **מ. שקליאַר**, דאָס נייע לעבן, נומ. 72, לאָדזש 1949, פאָלקס־שטימע, וואַרשע, מאַרץ 22, 1958 און פאַר סעפט׳ 30, 1961; **מ. מירסקי**, פאָלקס־שטימע, נומ׳ 33, וואַרשע 1949; וואַרשעווער **א.** ישראל־שטימע, תל־אביב, אויג׳ 7 1958; וועב. **ש.** פאָלקס־שטימע, וואַרשע, אָקט׳ 22, 1955; **ה. וויינרויך**, בלוט אויף דער זון, נ״י 1950, ז׳ 90. **י. זשיטניצקי**, א האַלבער יאָרהונדערט יידישע ליטעראַטור, נ״י 1952, ז׳ 38, 80; **ב. קושער**, געווען א מאָל וואַרשע, פאַריז 1951, זוכצעטל; **ב. צ. גאָלדבערג**, טאָג־מאָרגען זשורנאַל, ניו־יאָרק, ספטמב׳ 30 אָקט׳ 1, 2, 1961 און מאַי 30, 1964; **ביק אברהם**, וואָכנבלאַט, טאָראָנטאָ, אַפּר׳ 21, 1949, וואָרט און צייט, בוענאָס איירעס 1951, ז׳ 19, זאַמלונגען נומ׳ 20, נ״י, פרילינג 1960 ז׳ 126, מאָרגן־פרייהייט, נ״י, יאַנ׳ 22, 1961, מאָרגן־זשורנאַל, נ״י, מאַרץ 6, 1966; **בוים. פּ.** נייע פרעסע פאַריז, סעפט׳ 7—8, 1963; **בערנאַרד ד״ר. ל.** אַרבעטער־וואָרט, פאַריז, דעצ׳ 28, 1956; **גאַמזער ש.** נייע פרעסע, פאַריז, מאַרץ 19. 20, 1955; **גאָלדין, מ.** נייע פרעסע, פאַריז, סעפט׳ 10, 11, 1949; **גלאַדשטיין יעקב**, טאָג־מ.־זשורנאַל, נ״י, אָקט׳ 8, 1961; **יאַנאַסאָוויטש יצחק**, די פרעסע, בוענאָס־איירעס, יאַנ׳, 19, 1957; **יוד אַלף**, לעבנס־פראַגן, תל־אביב, מאַרץ 1959 ז׳ 13; **לענעמאַן, ל.** פאָרווערטס, נ״י, יולי 7, 1964, לעצטע נייעס, תל־אביב, יוני 26, 1964, קענעדער אָדלער, מאָנטרעאָל, אַפּר׳ 13, 1956; **מייזיל נחמן**, יידישע קולטור, נ״י, מאַי 1944, ז׳ 26, טלאָמאַצקי 13, בוענאָס־איירוס, 1951, ז׳ 271, יידישע קולטור, נ״י, אַפּריל 1961, ז׳ 56; **מילער, ל.** זאַמלונגען, נומ׳ 11, נ״י, ווינטער 1957, ז׳ 61; **מיצמאַכער, ש.** יידישע קולטור, נ״י, דעצ׳ 1966, ז׳ 48—49; **סדן, דב**, עיר ודיירה, אבן מפתן, כרך ראשון, ישראל 1961, ז׳ 184; **ראַבאַק א. א.**, פרייע אַרב. שטימע, נ״י, דעצ׳ 14, 1956, ז׳ 3; **ראָנטש י. א.**, זאַמלונגען, נומ׳ 22, נ״י, פרילינג, 1961, ז׳ 126—129; **רייזען אברהם**, די פעדער, נ״י 1949, ז׳ 190; **שול, א.** (שולמאַן אברהם), אונדזער שטימע, פאַריז, נאָוו׳ 21, 1955; **שטערן שלום**, וואָכנבלאַט, טאָראָנטאָ, אָקט׳ 27, 1955 און יוני, 19, 1958, מאָרגען פרייהייט, נ״י, אָקט׳ 5, 1958, דעצ׳ 13, 1959, יוני, 25, 1961 און נאָוו׳ 12, 1961, וואָכנבלאַט, טאָראָנטאָ. סעפט׳ 18, 1963 און מאָרגען פרייהייט, נ״י, יאַנ׳ 19, 1964 און דעצ׳ 21, 1965; **שלעווין, ב.** נייע פרעסע, פאַריז, נאָוו׳ 19—20, 1955; **שמערוק, ח.** פרסומים יהודיים בברית המועצות, ירושלים, תשכ״א, זוכצעטל; **שעל, א.** דאָס נייע לעבן, וואַרשע, נומ׳ 459, מאַרץ 1950; **ח. איאַלטי**, יידישער קעמפער, נ״י, יוני 5, 1962; **אבראַמאָוויטש, דינה**, יידישער בוך־אַלמאַנאַך, 17, נ״י 1959, זז׳ 124, 138; **אַלמוני, פּ.**, אונדזער שטימע, פאַריז, נאָוו׳ 18, 1954; **אַפּקלייב**, נ״י, ספּט׳ 1963, זז׳ 407—408; **הײמיש**, תל־אביב, דעצ׳ 1959; **וואָכנבלאַט**, טאָראָנטאָ, דעצ׳ 31, 1953; **יידישע שריפטן**, נומ׳ 11 (403), וואַרשע, נאָוו׳ 1955, ז׳ 8; **מאָרגן־פרייהייט**, אַפּר׳ 2, 1956; **יהדות ברית המועצות באספקלאריה של עיתונות יידיש בפולין**, ירושלים, תשל״ה—1975, זוכצעטל, ז׳ 207; **צוזאַמען**, תל־אביב 1974, ז׳ 357; **אַלמאַנאַך — יידישע שרייבער פון ירושלים**, ירושלים, 1973, ז׳ 10.

## אין דער העברעישער פעריאָדיק:

1. הערות לבעית קליטתם של סופרי יידיש מן העליה האחרונה, מאזנים, דצמבר 71 — ינואר 72.
2. ד. ספאַרד, 3 שירים [ירושלים. — יש שעה. — ליל שבת], מאזנים, יולי 1972.
3. ד. ספאַרד, יש מעשיה [שיר, תירגם מ.א.], קול העם, 2.4,1969.
4. ד. ספאַרד, לזכרו של איציק קיפניס, על המשמר, 7.6.74.
5. מעשה בגדי (משל) [תרגם חיים אורלן], הדואר, אוגוסט 1969.
6. ד. ספאַרד, על "היכן אתה חבר סידורוב" להירש סמולאר, קול העם, 15.8.73.
7. רב־שיח לאחר עשרים שנה; סטלין הועיד את היהודים להיות חלוץ הטמיעה, קול העם, 21.9.72.
8. ד. ספאַרד, שירים: מלחמה. — הסוסה. — לעצמי [מיידיש: מרדכי אמיתי], קול העם, 3.10.73.
9. ד. ספאַרד, 2 שירים ["עטורי כנפים...", "בערפלי הליל אָליט פני..."], תרגום הדסה רובין, דבר, 16.5.69.
10. אל"ף, ספרים חדשים: עיון ראשון בדפים בוערים [על ספרו של ד. ספאַרד, כתוב יידיש], מעריב, 8.9.72.
11. אלחנן אינדלמן, בימים ההם במוסקבה [גם על ספאַרד], הצופה, 20.8.76.
12. בינצקי פסח, דוד ספאַרד (המנהל הספרותי של התיאטרון ע"ש א. א. קאַמינסקאַ), קול העם, 11.12.59.
13. גינוסר פסח, רב־שיח לאחר עשרים שנה, דוד ספאַרד: בסופרים היהודים הסובייטיים התמזגו אהבה לברה"מ עם רגש לאומי יהודי, קול העם, 6.9.72.
14. גינתון דבורה, "יש לעשות למען המיזוג בין הספרות העברית לספרות יידיש [קדנצה עם דוד ספאַרד], דפים לפעילי תרבות לחינוך, ינואר־פברואר 73.
15. חלמיש מרדכי, "עלים בוערים" של דוד ספאַרד, על המשמר, 8.12.72.
16. כרמל טוביה, פגישה עם סופרי האַלמנך "ירושלים" [גם על ספאַרד], על המשמר, 18.12.77.
17. מיכלי ב. י., באספקלריה זעירה [גם על ספאַרד], בצרון, שבט־אדר תשל"ג.
18. שניידרמן ש.ל., חזונו של דוד ספאַרד על גירוש פולין [על המשורר], על המשמר, 2.5.60.

* * *

# משה שולשטיין ז״ל

״אַ שטערן אויף אונדזער דאַך האָט זיך אויסגעלאָשן״, אַזוי האָט משה שולשטיין געשריבן בשעתו וועגן דער פּטירה פון איציק מאַנגער ז״ל, דעם מחבר פון באַרימטן לידערבוך ״שטערן אויפן דאַך״, מיט וועלכן ער איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור און אַצינד מיט די זעלבע ווערטער שולשטיינס וועגן מאַנגערן האָט די שרייבערין לילי בערגער פון פּאַריז באַצייכנט דעם פּלוצימדיקן טויט פון משה שולשטיין: אַ שטערן אויף אונדזער דאַך האָט זיך אויסגעלאָשן.

אין סאַמע מיטן געוויין נאָך אונדזער דוד ספּאַרד, וואָס האָט זיך אָקאָרשט געזעגנט אין פּאַריז פון זײַן נאָענטן פרײַנד און קאָלעגע, דעם דיכטער משה שולשטיין, און אַ קורצע צײַט נאָך זײַן אומקערן זיך אַהיים קיין ירושלים, געשטאָרבן, אין סאַמע מיטן געוויין, ווי געזאָגט, איז אין פּאַריז, אין מיטן גאַס געפאַלן אויך משה שולשטיין. און אַט אַזוי האָבן זיי זיך, ספּאַרד און שולשטיין, אַ שטערן נאָך אַ שטערן, אויסגעלאָשן.

אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן משה שולשטיינס רײַכן און פילפאַרביקן בײַשטײַער דער יידישער ליטעראַטור — אין קומענדיקן נומער.



די דאָזיקע אויסגאַבע פֿון "ירושלימער אַלמאַנאַך" איז אין אַ גרויסער מאָס צושטאַנד געקומען, אַ דאַנק די באַשטײַערונגען פֿון אַ גרופּע פּאַריזער פּען-קאָלעגן, פֿרײַנד און פֿאַרערער פֿון דיכטער **דוד ספֿאַרד ז"ל.**

די רעדאַקציע פֿון אַלמאַנאַך און די יידישע שרייבער-גרופּע אין ירושלים דריקן אויס זייער האַרציקן דאַנק פֿאָלגנדיקע חברים:

**בורשטין-פֿינער**
**חיים קערבער**
**ה. דאַבקאָווסקי**
**חיים איצל גאָלדשטיין**
**לעאָן בירשטין**
**ישראל נײַגעבאָרן**
**טעשקא קאָרמאַן**
**שיע שטאָקמאַן**
**איטקע זאַיאַנץ**
**משה זאַלצמאַן**
**יוסף ווײַנבערג**

בײַ דער געלעגנהײַט — אונדזער דאַנק און אַנערקענונג פֿאַר דעם פּאַריזער קולטור-טוער און טרײַען פֿאַרשפּרייטער פֿון יידישן בוך און פֿון "ירושלימער אַלמאַנאַך" — פֿרײַנד **עוזר.**

**אונדזער טיפֿסטן דאַנק**

אַלע פּערזאָנען און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן שוין טיילווײַז סובסידירט דאָס אַרויסגעבן דעם קומענדיקן אַלמאַנאַך-14:

1. אַלוועלטלעכער יידישער קולטור-קאָנגרעס (חיים בעז) — 500 $
2. אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער-קאָמיטעט (וולאַדקע מיד) — 150 $
3. ניו-יאָרקער י. ל. פּרץ שרײַבער-פֿאַראיין (אַ. שמוליעוויטש) — 100 $
4. קינסטלער טשאַרלז אײַזען (אויסטראַליע) — 276 $
5. דיכטער חיים-זימל טקאַטש (ניו-יאָרק) — 100 $

## ווענדונג פון רעדאַקציע

צו דעם 30סטער יאָרצייט, זינט סע זענען אומגעבראַכט געוואָרן די גרונט-שעפּער פֿון דער יידישער קולטור אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד, ווערט געגרייט אַ ספּעציעלער נומער פֿון

## ירושלימער אַלמאַנאַך

די רעדאַקציע ווענדעט זיך מיט אַ בקשה צו די משפּחה-מיט-גלידער, קרובים, נאָענטע פֿריינד און באַקאַנטע פֿון די דער-מאָרדעטע שרייבער און קולטור-טוער — זיי זאָלן באַצייטנס צושטעלן, אויב זיי האָבן דאָקומענטן, נישט געדרוקטע ווערק אָדער וואַריאַנטן, זכרונות פֿאָטאָגראַפֿיעס, בריוו — בשייכות צו דער געשיכטע פֿון דער יידיש-סאָוועטישער קולטור, איר חורבן און דעם מאַסן-מאָרד פֿון אירע שעפּער.
שיקן אויפֿן אַדרעס :

**רעדאַקציע פֿון „ירושלימער אַלמאַנאַך״**
**שדרות אשכול 12/6 ירושלים, ישראל.**